עזרא קאָרמאַן

# צייכנס און צירופים

לידער און פאעמעס

פארלאג
י.ל. פרץ
ביבליאטעק
תל־אביב, ישראל

1959

# אין טאָל

א

איך בין געשטאַנען אין דעם טאָל,
אין גרינעם פעלד אין פולן בליִען.
עס איז געהאָנגען, ווי קרישטאָל,
דער העלער תכלת פון רקיע.

עס האָט די זון מײַן אויג געבלענדט
און זיך געשפּילט מיט שטילע שאָטנס.
איך בין אַמאָל שוין דאָ געווען,
עס האָט מײַן פוס שוין דאָ געטראָטן.

און, ווי אַמאָל, אַזוי אויך איצט,
בין פון דער שטילקייט דאָ געפאַנגען.
עס איז מײַן אויער אָנגעשפּיצט
צו יעדן מינדסטן ריר און קלאַנגען.

איך בין אַמאָל שוין דאָ געווען,
איך קלײַב די צייכנס און צירופים.
איך ווייס נישט ווי עס איז געשען,
כ'פאַרנעם אַ שטים, אַ שטילן רופן.

ב

איך ווייס נישט ווי עס איז געשען,
איך קאָן נישט ווי עס איז אַנטשטאַנען.
כ'בין אין דעם טאָל דאָ שוין געווען,
נאָר ווען — איך קאָן זיך נישט דערמאַנען.

עס האָט אַ סנה אַמאָל געברענט
פון פײַערן אַרומגענומען.
און איך, מיט פלאַם אויף מײַנע הענט,
בין אויפגעשטאַנען און געקומען.

איך האָב דערוואַכט פון אַש און שטויב,
דורך דורי־דורות דורכגעגאַנגען.
און זאָל די שטילקייט זײַן געלויבט,
וואָס האָט מיך אין דעם טאָל געפאַנגען.

כ'בין ווידער דאָ, כ'הייב ווידער אָן,
איך הער די ווערטער פון אַ תפילה.
פון אורצײַט, אורשטאַם, קום איך אָן
און ווער באַוואָרט און ווער דערפילונג.

ג

איך צייל די צייכנס און צירופים,
די קאָרבן אויפן בוים פון צײַט.
כ׳לעב אויף צוריק אין יעדער תקופה,
איך קום אַרוים פון ווײַטער ווײַט.

איך גיי פון איין דור צו דעם צווייטן
און דרינג אַרײַן אין יעדער וואָר.
און אונטער הימלען אויסגעשפּרייטע
עס ליגט דער טאָל, דער גרינער, קלאָר.

איך הער זיך צו מיט גרויסער שפּאַנונג
און נײַע זעונג איך דערזע.
עס וואַקסט די אַנונג, די דערמאַנונג,
אַז נישט פאַרברענט עס ווערט דער סנה.

עס רײַסן אין דער הייך זיך פלאַמען
און צווײַגן שטרעקן זיך אין שײַן.
פון טויט — געבורט, פון זוימען — שטאַמען.
איך בין געווען, איך בין, כ׳וועל זײַן.

## צייכנס און צירופים

### אותיות

אותיות צו אותיות געקליבן,
אַן „אלף", אַ „ואו" און אַ „תיו".
בראשית — דאָס וואָרט, — ווי די ליבע
איז תּוך פון דער פּאָר: „ל"ו".

עס שוועבן אויף פליגלען די אותיות
אין קפיצת הדרך פון גײַסט,
די שותּפים פון מעשה־בראשית,
וואָס תּהו־ובהו צערײַסט.

עס זענען די ווערטער אויך טאָטן,
דערגרייכן פון עק־וועלט ביז עק.
נעם, צייל זיי צונויף בגימטריא,
ווערט סוד פון יצירה אַנטפּלעקט.

### לשון־זוהר

באַהעפט זיך צום גײַסט פון דעם זוהר,
דער שפּראַך פון אר״י און וויטאַל,
דורך יאָרן און דורות די גייער,
אין זונשײַן אַלץ העלער צעשטראַלט.

פאַרטיף זיך אין מיין פון די ווערטער,
אין זין פון איעדערן אות,
צו גרייכן דעם קץ דעם באַגערטן,
ביז וואַנען פאַרפולט ווערט די מאָס.

און ווייסן אויף ווייסן געכּפלט,
צעגלידער דאָס וואָרט און פאַרמער,
ביז גובר־זײַן טאָט וועט דעם צווייפל
און ברענגען די גאולה באַשערט.

ס׳איז טיפער פון ים די קבלה,
נאָך טיפער — דער ספר פון זוהר.
די זון שײַנט אויף בערג און אויף טאָלן
און עפנט פון הימל דעם טויער.

פאַרמאַכט איז דער סוד פון יצירה,
די ספירה די העכסטע איז כּ ת ר.
די וועלט שטייט מיט אָפענע טירן,
געגנען און דערקען זי וואָס בעסער.

ס׳איז ח כ מ ה די אַנדערע ספירה,
די דריטע אין לייטער איז ב י נ ה.
נישט לאָז זיך אין ספיקות פאַרלירן
און גלייב, אַז דעם וועג וועסט געפינען.

דאָס לעבן, פול ח ס ד און ג ב ו ר ה,
צו נ צ ח זיך ציט און ת פ א ר ת.
טו פורעמען עס אין דײַן פורעם
און הער זיך צום וואָרט צו, דערהער עס.

און ה ו ד און י ס ו ד פון די ספירות,
ווי מ ל כ ו ת — די לעצטע מדרגות.
די וועלט איז אומענדלעך, דערשפּיר עס,
ווי טיף די קבלה און אייגן.

פאַרזאַמל אינאיינעם זיי אַלע,
די צייכנס, צירופים צעזייטע.
עס וואַרטן צו ווערן נתגלה
גילגולים אין וועלטן צעשפּרייטע.

פאַרוואַנדל די ווערטער אין צאָלן
דורך חיבור, גימטריאָס, נוטריקון.
די סודות אַנטפּלעקט די קבלה,
פאַרוואַרפט צום א י ן - ס ו ף אירע בריקן.

אין אָנהייב געווען איז נאָר ת ו ה ו,
בלויז וויסטעניש, פּוסט און פאַרלאָרן.
ביז ס'איז אין געראַנגל און ווייען
דער צ י מ צ ו ם געבוירן געוואָרן.

אומענדלעכקייט האָט זיך באַגרענעצט,
א צ י ל ו ת דערגרייכט האָט ביז ב ר י א ה.
פון ווען־אָן אין צייַט און ביז ווען־איז
י צ י ר ה פאַרווענדט אין ע ש י ה.

פאַרזאַמל אינאיינעם זיי אַלע,
די צייכנס, צירופים צעזייטע.
עס וואַרטן צו ווערן נתגלה
גילגולים אין וועלטן צעשפּרייטע.

## רבי משה קאָרדאָווירע

צפת, די שטאָט מיט גאַסן שמאָלע,
וואָס אין ברייטער וועלט זיי פירן.
דאָרט געלערנט האָט קבלה
רבי משה קאָרדאָווירע.

ער, וואָס איז געווען אין ניגלה
בקי און אַ גרויסער ידען,
איז אין זוהר הויך געשטיגן
און געוואָרצלט אין זײַן באָדן.

פון דער וועלט דערגיין די צילן
האָט געוואָלט ער און דעם זינען,
די אומענדלעכקייט דערפילן
און איר צימצום אויסגעפינען.

טיף דער גרונט איז פון דעם זוהר
און זײַן קוואַל פריש, ווי דער טוי איז.
טונקל זענען צפתער מויערן,
אָבער גליל־הימל בלוי איז.

צפתער גאַסן זענען שטילע,
זון אויף שטויב און שטיינער וואַנדלט.
אין די בערג פון גליל קיל איז,
אין די טאָלן בליִען מאַנדלען.

רבי משה קאָרדאָווירעס
הויז איז צווישן הײַזער קליינע,
שמאָלע געסלעך צו אים פירן,
גרויס – זײַן „פרדס הרימונים”.

טיף דער סוד איז פון יצירה,
אין קבלה זוך דעם רמז.
טויט איז משה קאָרדאָווירע,
מ ש ה  ו ת ו ר ת ו  א מ ת.

# דער אר״י

### די ערשטע דרשה

עס קלײַבן זיך שאָטנס אין דעם בין־השמשות
פֿון שול אשכּנזער אַרום יצחק לוריא.
ער האַלט פֿון דער הייך פֿון דער בימה אַ דרשה,
קליידט אָן די קבלה אין אייגענעם פֿורעם.

עס קומען פֿון שטאָט מקובלים אים הערן,
באַיאָרטע למדנים, באַבערדטע בני־תּורה.
ס׳איז יונג יצחק לוריא, ס׳גייט אויף ערשט זײַן שטערן,
און ס׳מורמלען די קעגנער מיט חשד און מיט מורא:

— ווי טוט ער עס וואָגן פֿאַר זיי, פֿאַר די צפֿתער,
צו לערנען קבלה פֿון קאָפּ, אויסנווייניק?
צי האָט ער אַ ספֿר אַליין שוין פֿאַרפֿאַסט דען?
און איז פֿון דעם זוהר די טיפֿקייט אים ווייניק?

נאָר, פּלוצעם, אַנטשווייגן עס ווערט די התנגדות.
עס קומט קאָרדאָווירע זײַן תּלמיד באַערן.
מען האָרכט שוין מיט יִראה זיך אײַן, ווי געוואַגט איז
דער יונגער מקובל, ווי נײַ ס׳איז זײַן לערנען.

איצט שטופּן זיך אַלע צום שולחן צו נענטער,
נאָך זיי קומט אויך צו מיט אַן ערנסט נאַג׳אַראַ.
ער טיילט נישט מער אוים קיין שמעק־טאַבעק פֿון שטענדער,
און ס׳דרעמלט אין ווינקל בלויז ר׳ יוסף קאַרו.

א

אַזוי האָט געלערנט ר׳ יצחק לוריא
זײַן תּלמיד געליבטן, רבי חיים וויטאַל:
דאָס לעבן פון קדושה פאַרמאָגט טיפע שפּורן,
וואָס פירן צום שורש, צום אָנהייב פון קוואַל.

נאָר מענטש איז פאַרזונקען אין ערדישער טומאה
און הערט נישט פון אמתן וואָרט דאָס געשאַל.
אַ פונק צינדט זיך אָן, פליט אַרום און אַרום ער,
און ווערט אין אַ רגע פאַרלאָשן, צעפאַלט.

אַ טייל איז ער אָבער פון געטלעכער קדושה,
און ווען מען דערהייבט אים, גיט זיך אַ צעשטראַל
דאָס פײַער פון ניצוץ, ווי ליכטיקע קושן,
און ס׳נידערט די טומאה אַראָפּ כּף־הקלע.

דעריבער, צו קלײַבן די פונקען צעזייטע —
די הייליקע עובדא אויף יעדן איז חל.
דורך תּפילות באַהאַרצטע און שטענדיקן גרייט זײַן
באַקומט די נשמה אַ תּיקון, וויטאַל.

ב

דורך תפילות, תעניתים, סיגופים,
עס ווערט די נשמה דערהויבן.
נישט מיד זײַן צו וועקן און רופן
דאַרף יעדער, וואָס האָט אין זיך גלויבן.

מיט רישעות די וועלט איז אַ פולע,
פאַר טרערן און בלוט — כולו חייב.
ס'וועט ברענגען משיח די גאולה
און ייִדן פון גלות באַפרײַען.

ער זיצט דאָרט, בינדט איבער די ווונדן
אין רוים, בײַ דעם אוראַלטן טויער.
עס וועט נאָך געשעען דאָס ווונדער,
און פרייד וועט פאַרבײַטן דעם טרויער.

ג

התבודדות — דאָס איז דער עיקר,
מיט זיך זײַן אַליין דאַרף מען פּרוּוון.
צערײַסן תּענוגים אויף שטיקער,
און גיין אויף די וועגן פון תּשובה.

דער „תּיו" איז אין תּשובה טײַטש ת ע נ י ת,
דער „שין" און דער „ואו" — שׂ ק ו א פ ר.
דער „בית" וויינט אין ב כ י ה, דערמאָן עס,
און „ה" איז דער ה ס פּ ד אויף כּופר.

זײַן דוחק דעם קץ זאָלסט באַגערן,
ווי שווער זאָל נישט זײַן דאָס, דערוואַרט עס.
און טו די צירופים פאַרמערן,
ווי ס'לערנט די חכמת הפּרדס.

ד

זיי גייען פון צפת דורך די פעלדער
און זוכן פון גאולה דעם וועג.
עס רוישן אין גליל די וועלדער,
עס זינגען פון גליל די טעג.

און ס'זאָגט דער אר"י צו וויטאַלן:
— מײַן תּלמיד, משיח קומט באַלד.
צי הערסטו פון ביימער דאָס שאַלן?
צי הערסטו דאָס רוישן פון וואַלד?

צי ווייסטו ווער ס'איז דער בן־יוסף?
נאָך אים קומט בן־דוד צו גיין,
אַזוי וועט געשעען, כּכּתוב,
נאָר איך וועל די גאולה נישט זען.

בײַם קבר פון שמעיה ואבטליון
זיי זענען געשטאַנען אין פעלד.
און ס'זאָגט דער אר"י — זע, ווי ס'פּאַליען
זיך גראָזן אין ווינטן צעהעלט.

ס'וועט קומען משיח בן דוד
און ברענגען די גאולה באַשערט.
נאָר איך, ווען ס'וועט רופן דער נביא,
וועל מער שוין נישט זײַן אויף דער ערד.

ה

פאַרטיפט אין דעם ספר יצירה,
עס זיצן אר״י און וויטאַל.
אַ שמועס אַ שטילן זיי פירן,
עס לײַכטן די אויגן צעשטראַלט.

און ס׳זאָגט דער אר״י צו וויטאַלן:
— מײַן תלמיד, געדענק אָט די רייד —
עס ווערן פאַרטריקנט די קוואַלן
אין מדבר, פון זאַמדן פאַרווייט.

און, כּדי ס׳זאָל נישט ווערן פאַרלאָרן,
וואָס מיר האָבן ביידע גערעדט,
פאַרלאָז זיך נישט אויף דײַן זכּרון,
פאַרצייכן, ביז ס׳איז נאָך נישט שפּעט.

פאַרשרײַב, אַז דער מענטש איז דער עיקר,
ער איז דער יסוד פון דער וועלט.
ער ברענגט מיט זיך שלימות און תיקון
אין בויען מיט מי זײַן געצעלט.

דער מענטש איז די העכסטע יצירה,
אָן אים בלײַבט אין חורבות די ערד.
ער איז פון באַשאַפונג די צירונג,
די וועלט האָט אָן אים נישט קיין ווערט.

דעריבער, די ליבע צום מענטשן
באַדאַרפן מיר היטן, וויטאַל.
און זאָל זײַן נשמה געבענטשט זײַן,
ווײַל אָן אים צעפאַלט דער וועלטאַל.

ו

פֿאַרשטיי מײַנע רייד גוט, ווײַטאַל.
טראַכט טיף זיך אַרײַן אין זיי, חיים.
פֿאַרשרײַב זיך אויף תּמיד דעם כּלל:
מיט מעשׂים דאָס וואָרט זײַ מקיים.

עס האָט גאָר קיין ברעג נישט, קיין סוף
דאָס וואָרט, וואָס מען דאַרף האַלטן הייליק.
אויף ביאת משיח פֿאַרהאָף
און היט אָפּ פֿון גלויבן דײַן חלק.

און גרייט זיך אין וועג אַרײַן גיין,
מען טאָר אויף אַ רגע נישט רוען.
פֿאַרגליווערט עס איז נאָר אַ שטיין,
און מענטש דאַרף זײַן וואַך צו נבֿואה.

און דאַרף אויף אַ זיכערן וועג
דערווײַטערן זיך פֿון דער טומאה —
ביז ער וועט צום סוף פֿון די טעג
אַנטקעגן משיחן קומען.

א

זיי הערן זיך צו מיט התלהבות
ווי עס רעדט צו זיי שטיל דער אר״י:
וויטאַל, דע־ווידאַש און אַלקאַבעץ
אין לויטערן צפת, אין דער פרי.

קיין אויג נישט פאַרמאַכט ביז די האָנען
באַגינען זיך האָבן געוועקט,
פאַרזונקען מיט טיפער כּוונה
אין סודות התּורה אַנטפּלעקט.

עס טרוימט דער אר״י פון דעם פּרדס
די שטאָט ווערט דערוואַכט אויפ׳ן באַרג.
מען רעדט אשכּנזיש און ספרדיש
אין גאַסן, וואָס פירן צום מאַרק.

און פּלוצעם, זיך גלייַכט דער אר״י אויס
און ווענדט צו תּלמידים זייַן בליק.
עס וויקלען זיך לאַנגע יריעות,
עס וואַקסט אויס אין לופטן אַ בריק.

ער רעדט פון דעם דרך האמת,
וואָס פירט אין דעם פּרדס אַרייַן.
פון זוהר, דעם גאָרטן פון רמז,
פון שכינה, דער געטלעכער שייַן.

עס הערן זיך צו מיט התלהבות,
ווי ס'רעדט צו זיי שטיל דער אר"י:
וויטאַל, דע-ווידאַש און אַלקאַבעץ
אין לויטערן צפת אין דער פרי.

ב

עס שטייט דער אר״י אין זײַן טויער,
ווארט אָפּ זײַנע געסט פון דער גאַס.
פון צפתער פאַרטונקלטער מויער
קומט אָן אליהו דע-ווידאַש.

נאָך אים גייט ר׳ שלמה אַלקאַבעץ,
ווײַטאַל אין אַ קיטל געקליידט.
מקובלים עס קומען אויף שבת,
אָן עדה אַ גאַנצע זיך שפּרייט.

אינאיינעם שפּאַצירט מען פאַמעלעך
אַרויס פון דער שטאָט אין מיט-פעלד.
און ס׳רופט דער אר״י זיך אָן פריילעך:
— לאָמיר זינגען, פאַרזינגען די וועלט.

אַנטקעגן דער מלכּה פון שבת
לאָמיר גיין אין אַ מחנה מיט פרייד,
צו באַגעגענען זי מיט התלהבות
ווער קיין ארץ צו גיין איז איצט גרייט?

זאָגט איינער: ס׳איז ווײַט ירושלם,
דער צווייטער: — דער וועג איז צו לאַנג.
ווי קאָנען פאַר שבת מיר אַלע
דערגרייכן מיט אונדזערן גאַנג?

פאַרטרויערט אר״י איז געוואָרן
און זיך צו דער עדה געקערט:
— וואָלט ספק נישט ווערן געבאָרן,
קומט גואל די רגע אויף ערד.

ג

אין אַ קרײַז פֿון תּלמידים, אַן ענגן,
האַלט אַ דרשה פֿאַרנאַכט דער אר״י.
ס'איז זײַן פּנים אַ בלייכער און שטרענגער,
אין די אויגן — פֿון פֿײַער דער גלי.

אַלע נייגעריק טוען אים הערן,
מער פֿון אַלע וויטאַל איז געשפּאַנט.
ס'איז גערונצלט אין פֿאַלדן זײַן שטערן
און ער שויבערט די האָר מיט דער האַנט.

דער אר״י דרשנט שטיל, מיט אַ ניגון,
הייסט באהבה אויף זיך נעמען שטראָף.
אין גאולה פֿאַרבענקט, טוט זיך וויגן,
איז מגלה עמוקות פֿון סוף.

ס'שלינגט וויטאַל יעדן קלאַנג פֿון זײַן רבין,
ווי אַ דאָרשטיקער טרינקט ער פֿון קוואַל.
איין באַגער איז בײַ ביידן, איין שטרעבן —
בײַם אר״י און זײַן חסיד, וויטאַל.

א

דרײַ טעג שוין כּסדר עס פֿאַסט דער אר״י,
נאָר ס׳ווערט אים פֿון תּענית נישט גרינגער.
די אויגן — צעפֿלאַמטע, דער שטערן — אין גלי,
אין אויערן — שטענדיקער קלינגען.

נאָר טרוקענעם ברויט אין דעם אָוונט ער עסט,
מיט וואַסער באַנעצט בלויז זײַן גומען.
עס וואַרט אײַנגעשפּאַרט דער אר״י אויפֿ׳ן נס
און גרייט זיך משיח זאָל קומען.

ער איז אויפֿגערודערט און שטאַרק אָנגעשטרענגט
פֿון תּפֿילות, השבעות, סיגופֿים.
ער ליגט אײַנגעקנוילט אויף דער ערד און פֿאַרבענקט
ער האָפֿט, אַז דער שופֿר זאָל רופֿן.

ס׳איז שטיל אין די שטיבער פֿון באַרגיקער צפֿת,
די נאַכט איז צעשפּרייט אויף די וועגן.
עס פֿליט אַן אַ ווינטל און איבער דער גאַס
געשטאַלטן צו חצות זיך באַוועגן.

עס זיצט דער מקובל שוין ווידער פֿאַרטיפֿט
אין אָפֿענעם ספֿר פֿון זוהר.
אויף מעשענעם לײַכטער דער חלב שטיל טריפֿט,
און ס׳שפּיצט דער אר״י אַן זײַן אויער.

ב

עס איז דער אר״י אין יסורים,
פֿאַראומערט, פֿאַרזאָרגט, אויסגעצערט.
עס דריקן אים שווערע הרהורים
וואָס ס׳קומט נישט דער גואל באַשערט.

און קומט ער נישט, דאַרף מען אים ברענגען, —
צו זיך אומגעדולדיק ער רעדט.
אין חדר אין זײַנעם, אין ענגן
ער ליגט אויסגעשטרעקט אויף דעם בעט.

ער וועגט אין געדאַנק: וואָס איז וויכטיק —
דאָס וויסן, צי שטאַרקער פֿאַרלאַנג?
עס מוז אויף דער וועלט ווערן ליכטיק,
עס נעמט שוין זײַן קומען צו לאַנג.

אין מעשים פֿאַרוואַנדלען די תּפילות
און העלפֿן באַדאַרף מען דעם גאַסט
צו קומען אַליין און דערפֿילן,
ווי שווער ס׳איז צו טראָגן די לאַסט.

נישטאָ שוין קיין כּוח צו וואַרטן,
די הענט הייבט ער אויף אין געבעט.
זאָל קומען דער גואל געגאַרטער,
ווײַל — כּלו כּל הקיצין — ס׳איז שפּעט!

ג

עס זיצט דער אר״י ווי אַן אבל,
זײַן קאָפּ איז באַשאָטן מיט אַש,
דער גוף אָנגעשפּאַרט אין די טאָוולען
פון ווענט אין דער שטיינערנער צפת.

עס העלפט נישט מתקן זיין פּגמים,
זיך פּײַניקן טאָג אײַן, טאָג אוים.
צו ברענגען דעם אחרית הימים,
ער טראַכט, דאַרף מען זײַן אמת גרוים.

און ווער איז ער דען, יצחק לוריא,
וואָס אַלע אים רופן — אַר״י?
אַ וואָרעם לאָזט טיפערע שפּורן,
אַ פליג קאָן זיך הייבן צום פלי.

ער לעבט אָפּגעטיילט, ווי אַ פּרוש,
און זוכט נישט קיין כבוד און לויב —
און וואָס גיט ער זיי אויסער סברות,
השערות, המצאות? — בלויז דרויב.

ער רעדט וועגן ביאת הגואל
און ווייסט נישט אַליין פון דעם וועג.
אוודאי, ס'וועט גוט זײַן און וווּיל,
נאָר — נאָך נישט אין אונדזערע טעג.

ד
עס בלעטערט אר״י דעם „המפואר״,
אין גורל פון מולכו פאַרטראַכט.
אויף גלילער בערג, ווי אַ שלייער,
לאָזט לאַנגזאַם אַראָפּ זיך די נאַכט.

זי פאַלט אויף די שטיינערנע הייכן
און נידערט אויף דעכער פון צפת.
עס זיצט דער אר״י און אַ בלייכער
פון פענצטער ער קוקט אויף דער גאַס.

ער טראַכט פון דעם פּיַין, שפיכת דמים,
פון ביאת הגואל באַשווערט,
פון זינד און דער רישעות די זאָמען,
ווֹאָס וואַקסן, ווי ווילדגראָז, אויף ערד.

און וועקט זיך ווער אויף צו נבואה
און טריט פון משיח דערקענט,
פאַרברענט מען אים, ווי אין מאַנטוע
מען האָט שלמה מולכו פאַרברענט.

פאַרזונקען אין שטילקייט, מיט דביקות
און ייִראה ער ברומט דעם „אחד״.
ס׳פאַרטרײַבט דער אר״י פון זיך ספקות,
פאַרגלייבט אין דער שכינה׳ס געגאָד.

ה

צו די גלילער הייכן די קילע,
צו די איילבירטן־ביימער אין פעלד,
גייט אַרוים אין פאַרנאַכטן די שטילע
דער אר״י פון זײַן צפתער געצעלט.

מיד פון טאָג לערנען סודות קבלה,
אָטעמט אײַן ער די פרישקייט פון לופט.
אָנשטאָט צייכנס, צירופים און צאָלן,
ריח פון ערד און פון בלומען דער דופט.

ס׳זינגט אַ פויגל אויף בוים צווישן מאַנדלען,
ס׳שטעקט אַן איילבירט פון בלעטער אַרוים,
און אין גראָזן זיך ווידמענען, וואַנדלען
דאָרט אַ שלאַנג, דאָ אַ ווערימל בלויז.

ס׳קוקט זיך צו דער מקובל מיט אהבה,
יעדן ריר און גערויש זאַפט אַרײַן,
ווי עס פליִען די בינען און האַוועז,
ווי עס וואַקסן די שטאָקן פון ווײַן.

ווי עס ציִען אין הייך זיך די זאַנגען,
ווי עס רײַפט אוים די פרוכט אויפן בוים.
ס׳דאַכט, די האַנט קאָן דעם הימל דערלאַנגען,
דער געדאַנק — דעם אומענדלעכן רוים.

ניין, ער איז שוין נישט מער קיין מתבודד,
ווען ער שטייט אין דער מיט פון דעם פעלד.
ווײַל ער פילט: מלא עולם כבודו,
און דער מענטש איז די קרוין פון דער וועלט.

ו

אין דעם גליל, אין דער פרי,
פירט אַ פּאַסטעך זײַנע פּי,
לעמער, ציטעריקע שאָף,
אויפֿן הויכן באַרג־אַרויף.

קומט אַנטקעגן דער אר״י
אין באַגינען־זון און גלי.
גיט אים אַ גוט־מאָרגן אָפּ,
שאָקלט פּאַסטעך מיטן קאָפּ.

רופֿט מיט פֿרייד אויס דער אר״י:
— זאָל געבענטשט זײַן אין זײַן מי
דער, וואָס גייט נאָך זײַנע שאָף
אין אַזאַ גאָר פֿריִער שעה.

קוקט דער פּאַסטעך, ווי נישט־היי,
ענטפֿערט גאָרנישט דער אר״י,
נאָר ער שאָקלט מיטן קאָפּ
און די אויגן לאָזט אַראָפּ.

ווערט פֿאַרחידושט דער אר״י,
מיט די אַקסלען גיט אַ צי,
און צו אים ער זיך געגנענט,
שטרעקט אויס ברידערלעך די הענט.

גיט דער פּאַסטעך אים אַ ברי
מיט די אויגן, פֿול מיט גלי,
זאָגט, ניט מפסיק זײַן ביז סוף:
— כ׳האָב געבעטן פֿאַר די שאָף.

לאַכט צופרידן דער אַר״י:
אַזאַ פּאַסטעך פון דאָ-הי,
בעט נישט בלויז פאַר זיך אַליין,
נאָר פאַר שעפּסעלעך אויך קליין.

# רבי שלמה אַלקאַבעץ

**אויף פעלדער פון גליל**

אויף פעלדער פון גליל די שטילע
געשוועבט האָט דערהויבענע תּפילה
פון שלמה בן משה אַלקאַבעץ
לכבוד דער מלכּה פון שבת.

און יעדערן פרײַטיק צוזאַמען
אַן עדה, פאַר שקיעת החמה,
אַרויס איז מיט שלמה אַלקאַבעץ
מקבל צו זיין מלכּה שבת.

דערוואַכט פון דעם אומעט און טרויער,
פון צפתער פאַרטונקלטער מויער,
געגאַן איז מיט שלמה אַלקאַבעץ
באַגעגענען מלכּה פון שבת.

נאָך לערנען די סודות קבלה,
געגידערט אין גלילער טאָלן
מיט שיר, דעם געזאַנג פון אַלקאַבעץ,
אַנטקעגן דער מלכּה פון שבת.

אַ גרויסע צעזונגענע עדה,
אין קיטלען אין ווײַסע געקליידטע,
בראש מיט ר׳ שלמה אַלקאַבעץ
צום אָנקום פון דער מלכּה שבת.

באַגייסטערט, דערהויבן און פריידיק
געקלונגען האָט דער „לכה דודי"
פון שלמה בן משה אַלקאַבעץ
לכּבוד דער מלכּה פון שבת.

און אין דערוואַרטונג פון גאולה,
די עדה מיט הערצער מיט פולע
געהאָפּט האָט מיט שלמה אַלקאַבעץ
אויפן יום שכּולו שבת.

לכה דודי

אין די בערג פון גליל
טאַנצן מקובלים.

צו דעם טאָל פון מירון
נידערן מיט שירה.

פנימער — צעשטראַלטע,
הענט אָן הענט זיך האַלטן.

אין דעם ריקוד אַקסלען
שווימען אין אלכסון.

דער אר"י אין מיטן,
אין אַ ווײַסן קיטל,

טוט אין טאַנץ זיך וויגן
צו אַלקאַבעצם ניגון.

ס'זינגט אַ ליד אַלקאַבעץ
צו דער מלכה שבת.

די מחשבה-תחילה
גיסט זיך אויס אין תפילה.

פון זײַן „לכה דודי"
איז באַרוישט די עדה.

ס׳קריגט וויטאַל התפּעלות,
קאַרו לויבט די מעלות.

דע-ווידאַש פילט יִראה,
ס׳פּרייט זיך קאָרדאָווירע.

## ישראל נאַג׳אַראַ

א

בין מנחה למעריב אין שול אשכּנזער
עס קלײַבט זיך אַ מנין צונויף מקובלים.
מען רעדט, ווער עס פּאַסט און פאַראַכט עולם־הזה,
מען חלומט פון קץ אין די בערג פון דעם גליל.

מען זוכט אויס אויף ביאת משיח אַ רמז,
מען ברענגט זיך גימטריאָס, נוטריקון פאַרפּאַסט מען,
פאַרטיפטע אין נסתר מען פאָרשט אויס דעם אמת
און מיט דער גאולה מען בינדט און פאַרקנסט אים.

עס וואַקסן די צדדים פאַרטאָן אין מחלוקת,
ביז ס׳קומט דער מקובל־פּאָעט נאַג׳אַראַ.
ער שטעלט נישט קיין קשיות, איז קעגן די דביקות,
דעם גאָרן וויכּוח און הוילן זיך שפּאַרן.

עס האָט נאַג׳אַראַ זײַן דרך און רצון,
זײַן באָרד די צעפּלוישטע זיך שוואַרצט צווישן גראָע.
ער האָט ליב אַ ווערטל, אַ שפּיל, אַ הלצה,
און פון דעם געלעכטער די שטאַרקע הנאה.

ר ב ו ת י, הייבט ער אָן אַ ניגון צו ציִען,
וואָס טויג אײַך דאָס מיִען, אויף כּיתות זיך שפּאַלטן?
ביז וואַנען איר דינגט זיך, ווערט זון אין איר שקיעה
אַהינטער די וואָלקנס פאַרגיין, זיך באַהאַלטן.

און מחמת מען דאַרף שוין באַלד דאַווענען מעריב,
שיקט אײַערע סברות אַוועק מעבר־יבוק,
און זײַט אַ ישראל צום מנין מצרף,
און נעמט אײַך, רבותי, דערווײַל אַ שמעק־טאַבעק.

ב

אין גרין־שטאָט דמשק, אין מיטן דער גאַס,
עס שטייט ישראל נאַג׳אַראַ.
ער האָט ערשט אַ כּוסה געהאַט פול מיט י״ש,
און ס׳מאַכט אים אַן עולם אַ וואַרע.

מען קלײַבט זיך אַרום און מען הערט ווי ער שפּאַסט,
פֿאַרחידושט אויף אים קוקן מיידלעך.
ער רופט זיי צו תּנאים כּדין וכדת
און נישט זיך צו דרייען, ווי דריידלעך.

די מיידלשע אויגן זיך לאָזן אַראָפּ,
די יינגלשע — שטאַרן און גלאָצן.
מען האַלט זיך פֿאַר הענט און מען שטייט קאָפּ צו קאָפּ,
מען לאַכט פון נאַג׳אַראַס הלצות.

ס׳איז פריילעך נאַג׳אַראַ און פרײַ זײַן געמיט,
ער הייכט מיט זײַן וווקס איבער אַלע.
ער פילט, ווי אין אים יערט און רײַפט אויס אַ ליד
און ס׳ווערט זײַן נשמה נתעלה.

ער ווערטלט זיך, שטיפט און לאַכט הויך אויפ׳ן קול,
הערט בעטן: — זינג עפּעס, משורר.
און ס׳ענטפערט נאַג׳אַראַ· — ברשות פון דעם קהל
וועל זינגען פאַר אײַער התעוררות.

און גלײַך אויפן אָרט ווערט אַ ניגון פאַרפאַסט
בנוסח אַראַבישע לידער.
ס׳איז פריילעך נאַג׳אַראַ, אין קאָפּ רוישט דער י״ש
און פרייד זיך צעגיסט איבער גלידער.

ג

אין אַראַבישן שענק, צווישן בוטלען און קובלען,
בײַ אַ טיש אָנגעשטעלטן מיט פּרוכטן און ווײַן,
זיצט ישראל נאַג׳אַראַ, דער פּאָעט און מקובל,
אין דעם פרײַען געזינד פון חברים און פרײַנט.

ס׳איז נאַג׳אַראַן ביז גאָר אַזוי גוט אויפן הארצן,
ער האָט ליב דאָס געווימל פון שענק און געברויז.
ס׳איז זײַן באָרד אַ צעשויבערטע, קרײַזלדיק-שווארצע,
און ער גלעט און ער גלײַכט מיט די פינגער זי אויס.

ס׳איז נאַג׳אַראַ געבענטשט מיט אַ קערפּער אַ שלאַנקן
און אַ קאָפּ שווארצע האָר, ווי פון פּעך, מיט אַ גלאַנץ.
און ער וויגט זיך צום טאַקט פון די פרייליכע קלאַנגען,
וואָס באַגלייטן אַראַבערינס לופטיקן טאַנץ.

און ער גראָבט אין דער באָרד אַרײַן אַלע פינף פינגער,
אויף די טענצערינס קוקט אַ פאַרגאַפטער, פאַרחושט.
ס׳איז נאַג׳אַראַ באַליבט, ווי פּאָעט-מינעזינגער,
שטעלט ער אויף זיך און שיקט צו די מיידלעך אַ קוש.

נאָר, פאַר וואָס איז ער פּלוצעם געוואָרן צעטראָגן?
פאַר וואָס טוט ער דעם הוט אָן אין מיטן גערויש?
ס׳האָט געשיקט דער אר״י אַ שליח צו זאָגן:
אויך אין שענק, איז לאו-דווקא צו שטיין גילוי-ראש...

# רבי אליהו דע־ווידאַש

ס׳ליגט הויך די שטאָט־צפת אין די בערג פון דעם גליל,
דערוויַיטערט פון מענטשלעכן רעש.
די בערג — פול מיט סודות, אַזוי — די קבלה,
איר חכמה פאַרטיַיטשט דע־ווידאַש.

עס איז דע־ווידאַש אין מיט דריַיסיקער יאָרן,
זיַין גוף, ווי אַ לאַסט, טראָגט ער שווער.
אַ קיַילעכדיק פנים, די האָר — קורץ געשאָרן,
די באָרד מיט צוויי שפּיצן — אַ שער.

עס האַלט דע־ווידאַש פון דריַי לעבנס־עיקרים:
אמונה, בטחון און פרייד,
אַז ס״ם איז דער מקור פון עבודה־זרה
און נעצן פון טומאה פאַרשפּרייט.

אמונה גיט קראַפט אין נסיונות אוןליידן,
בטחון אין גאולה ברענגט טרייסט,
און שׂ י מ ח ת ה ל ב, וואָס וואַקסט אויס פון זיי ביידן,
העלפט וואַרטן ביז וועלט ווערט דערלייזט.

ער לאָזט רינגעלעך־רויך פון זיַין טערקישן ציבעק
און פילט, ווי עס רײַפט זיַין געדאַנק.
פון מאַן מיט דער פרוי עס איז הייליק דער זיווג,
עס איז זייער חיבור — געזאַנג.

עס רוט צווישן זיי דאַן בקדושה די שכינה,
מבריאת העולם — אַזוי.
פון דביקות דערגרייכן קאָן דער נאָר די בחינה,
ווער ס׳לעבט ווי אַ מאַן מיט דער פרוי.

אַרויף־צו ער האַלט אין איין רוקן דאָס קאַפּל,
דעם הוילן שפּיץ־קאָפּ ער פֿאַרדעקט,
און ס׳גיט זיך דאָס האַרץ אין אים וואַרעם אַ צאַפּל
פֿון יוגנט, וואָס האָט זיך דערוועקט.

## שלמה מולכו

א

עס רעדט דיעגאָ פּירעס צו דוד ראובני,
דערציילט אים פון טרוים פון ימות המשיח.
ער גלייבט, אַז ראובני. דער פּרינץ, איז אַליין עס
דער לאַנג אויסדערוואַרטער, געגאַרטער שליח.

עס הערט קאַלט ראובני און איז אים מבטל,
לאָזט פילן, אַז וויל פון חלומות נישט וויסן.
ער גייט אין דעם וועג נאָר פון זיכערע טאַטן
און האַלט נישט פון אותות ומופתים, פון ניסים.

ער קנייטשט מיטן שטערן — וואָס פּירעס צערעדט דאָרט!
און קוקט אויף אים קרום מיט די אויגן די שמאָלע.
ער ברענגט נישט קיין בשורה פון אָנקום פון רעטער
און ווייסט נישט לחלוטין דעם מיין פון קבלה.

ער איז בלויז אַ קריגסמאַן, געשיקט פון דעם קעניג,
פון יוסף, זײַן ברודער אין מדבר פון חבור,
פירט אויס נאָר באַפעלן פון אים, אונטערטעניק,
און וויל דאָ מיט קיינעם נישט זײַן זיך מתחבר.

צעטומלט עס ווערט דער מאַראַן דיעגאָ פּירעס,
ער רויטלט זיך, ס'בלוט אין אים הייבט אָן צו זידן.
עס זענען געווים דאָ פאַראַנען מסירות,
אויב ס'נעמט אים ראובני נישט אָן פאַר אַ ייִדן.

ס'איז אמת, אַז פּירעס איז נאָך נישט ווי אַלע,
איז דאַרף ער פאַרשנײַדן דעם בונד אותו רגע.
אַהיים לויפט ער באַלד און אַליין איז זיך מל'ע,
און ס'גייט אָפּ מיט בלוט דער מאַראַן, פּירעס דיעגאָ.

נאָך קראַנקייט, ער לאָזט זיך אַוועק צו ראובנין
און טרעפט אים אָן שטיין אין אַ גאַס פּאַר אַ שולכל.
רעדט ווידער: דער פּרינץ איז דער גואל אַליין עס,
און ס׳ברענגט די נבואה איצט ער: שלמה מולכו.

ב

עס שטרײַטן ראובני מיט מולכו שוין שעהן,
נאָר שאַרף פֿון וויכּוח מען טרעט נישט אַריבער.
עס פֿרעגן די „ג י י נ ע ן״ נישט אָפּ יענעמס „י אָ ע ן״,
מען פֿאַלט נישט אַרײַן אין געפֿערלעכע גריבער...

ראובני איז קלײנוויקסיק, שוואַרץ און מיושב,
און מולכו — אַ רויטער, ברייטבייניק און שוימיק.
באַוועלטיקט איז אײנער פֿון אייגענע חושים,
דער צווייטער ציט ווערטער אַרויס שווער און תּהומיק.

עס רעדט שלמה מולכו — אַ נײַער באַקערטער
צום שטאַם פֿון זײַן פֿאָלק און דער ייִדישער תּורה.
אַ פּסוק אויף פּסוק וואַרפֿט אָן און פֿאַרמערט ער,
שטאַלצירט מיט דער בקיאות אין אַלטער מסורה.

ראובני דעם קאָפּ אויף דער האַנט אָנגעלענט האָט,
און מולכו אַנטקעגן געוויקסיק זיך טורעמט.
דערציילט פֿון משיח, פֿון אַלטער לעגענדע,
אין סוף פֿון די טעג, וואָס וועט ברענגען די בשׂורה.

— מען קאָן קיין מלחמות נישט האַלטן מיט תּפֿילות,
זאָל זײַן אַז אפֿילו פֿאַר ארץ־ישׂראל, —
עס ענטפֿערט ראובני, — עס גייט נישט אין לילית,
באַזיגן טערקײַ דאַרף מען, נישט דעם סמאל.

אומזיסט ברענגט ער אוים דאָ זײַן ציַיט און ער פֿלאַטערט,
און קוקט אויף אים מיט די פֿאַרחלומטע בליקן.
געגנוג שוין מיט מדבר, ווו זון ברענט און מאַטערט
און מענטשן אין זאַמדיקע ווינטן זיך שטיקן.

זאָל מולכו אים לאָזן צורו און זײַן כּבוד,
וואָס האַלט ער דערמאָנען אָן אָטעם זײַן יִחוס?
משיח בן יוסף, משיח בן דוד —
אַליין וועט ראובני דערפילן זײַן שליחות.

ג

עס האָט שלמה מולכו ראובנין באַגעגנט
אין געטאָ פון רוים ביי דער וואַנט פון אַ שולכל.
ראובני — געקליידט, ווי ער קלייַבט זיך אין וועגן.
באַמערקט נישט, ווי ס׳גייט צו אים צו שלמה מולכו.

ער שטייט איינגעבויגן, פאַרטיפט אין געדאַנקען,
מינוטן געשפּאַנטע זיך ציִען און פליסן.
און מולכו זיך יִשובט אין שוויַיגן אין לאַנגן,
ביז ס׳שטרעקט אוים ראובני די האַנט אין באַגריסונג.

— איר גרייט זיך, — זאָגט מולכו, — אין וועג אַריין ווידער,
אַ סימן, עס גייט אין דער שליחות אייַך קשה.
פאַר וואָס איז מיין הילף דאַן אַזוי אייַך דערווידער?
פאַר וואָס נישט באַוויליקן זאָלט מיין בקשה?

מיר ביידע דעם ציל וואָלטן גרינגער דערגרייכן
און יִדן געבראַכט צו געווינטשטער התרוממות.
אַזוי ווי איר זעט מיך משיכמי זיך הייכן,
אַזוי ווי מיין יִדישער נאָמען איז: שלמה.

איר שטאַמט אָפּ פון מלכות, און איך — פון מאַראַנען,
אין אייַער רשות זיין איז לאַנג מיין באַגערן.
אין טומאה פוון רוים וועלן שוואַרצע סוטאַנען
פאַרשטעלן דעם וועג אייַך צום פּויפּסט און אייַך שטערן.

נישט איין מאָל אייַך שטיין ביי אַ שולכל געטראָפן,
עס ציט אייַך אַהער, נאָר איר בלייַבט עפּעם דרויסן.
אַז גייט נישט אַריין, איז פון וואַנען דאָס האָפן?
עס קאָן די גאולה נישט קומען פון אויסן.

איר ווילט גאָר נישט האָבן קיין מגע ומשא
מיט יִדן און האַלט זיך פון זיי אַלץ דערווײַטערט.
איז ווי קאָנט איר זײַן דער גאולה-מבשר,
אַז זענט נישט אין יִדישן צער געלײַטערט?

ס'איז נייטיק אויך לײַדן, אפילו אין גבורה,
עס בענקען שוין דורות נאָך טריט פון דעם גואל.
פאַר וואָס זאָלט נישט ברענגען צו יִדן די בשׂורה?
ס'קומט עם-ישראל פריִער פון ארץ-ישראל.

ד

ס׳האָט מולכו ראובנין געבראַכט די ידיעה
פון שיפֿן מיט ייִדן־מאַראַנען דערטרונקען.
ראובני קוקט אָן אים פון אונטער די ווײַעס,
מיט בליקן, וואָס שפּריצן, ווי פֿײַער, מיט פונקען.

— מײַן זון, — זאָגט ראובני מיט צער און ציטער, —
איר קומט מיר דערציילן פון אומגליק דעם גרויסן?
איך בין אויך צעוויטיקט, אַזוי אויך דערשיטערט,
נאָר האָב איך די ייִדן דען פאָרן געהייסן?

איר זאָגט, אַז זיי האָבן געוואַרט אויף מײַן קומען,
געוואָרן מאמינים, נאָך גרויסער אַנטווישונג,
און זענען דערנאָך אין אַ שלאַכט אומגעקומען,
פון מײַן קיבוץ־גלויות־געדאַנק — די קדושים.

מײַן זון, ס׳האָט דער אומגליק אין האַרץ מיר געטראָפֿן,
נאָר ס׳איז נישט מײַן זינד, איך בין זי נישט באַגאַנגען.
כ׳האָב זיי נישט דערמוטיקט אויף ניסים צו האָפֿן
און קיינעם געלאָקט מיט אַזעלכע געדאַנקען.

איך האָב נישט גערופֿן אין נאָמען פון גואל,
נאָר, אַז מיט טערקײַ דאַרף מען האַלטן מלחמה.
מײַן ציל איז דער ערשטער — דאָס לאַנד פון ישראל,
דערנאָך — פֿאַר די ייִדן דערלייזונג, השלמה.

ה

עס האָט זיך צו מולכו'ן באַוויזן אין חלום
אַ זקן אַ הויכער מיט לאַנג־ווײַסער באָרד.
ער גייט איבער חורבות פון אַלט־ירושלם
און רופט אים צו קומען צום הייליקן אָרט.

און מולכו לאָזט גיין זיך צום זקן מיט גלויבן.
אַן איינציקער בוים אויף דעם פעלד, זעט ער, שטייט.
פון וואָרצל דרײַ שטאַמען זיך שטרעקן און הייבן,
און טויבן אויף צווײַגן צום אָפּפליִען גרייט.

עס פלאַטערן פליגלען, עס בלענדן קאָלירן:
שניי־ווײַס און טיף־גרין און שטאָק־שוואַרץ, ווי די נאַכט.
ס'איז מולכו פאַרגאַפט און ער קוקט פול מיט יִראה —
צי האָט אַזאַ זעונג אים ווען זיך געדאַכט?

עס רעדט נישט דער זקן, ער האַלט נאָר זײַן אָרעם
געשטרעקט צו דעם פעלד און ווײַזט אָן אויף דעם בוים.
און מולכו דערמאָנט זיך אין קדושים וטהורים
און פילט, ווי פון וואָר וואַקסט אַ בריק צו דעם טרוים.

דרײַ שטאַמען און טויבן, עס בלענדן קאָלירן:
שניי־ווײַס און טיף־גרין און שטאָק־שוואַרץ, ווי די נאַכט.
עס קוקט זיך אײַן מולכו און וויל נישט פאַרלירן
קיין צייכן און שפּור, וואָס פאַר אים האָט דערוואַכט.

ער זעט זיך אין רוים צווישן שוואַרצע סוטאַנען,
עס האַלט אים דער קלויסטער אין קייטן געשמידט.
און ער אַליין שטאַמט פון טיף־גרין — די מאַראַנען,
און ווײַס דאַרף ער ווערן, ווי דער ווײַסער ייִד.

ו

עס גייט שלמה מולכו אין אָרעמע קליידער
אַרום צווישן ייִדן פון רוימישער געטאָ.
ער טוט אויף די גאַסן און שול־הויפן ריידן,
אַ נביא, פאַרשטעלט אין לבוש פון אַ בעטלער.

דערציילט פון מאַראַנען, פון ייִדישער אומה,
געפּלאָגט פון רדיפות, גירושים, נגישות,
פון גרויסער פאַרפלייצונג אויף רוים וואָס וועט קומען
צו אָפּוואַשן אדומס ממשלה און רישעות.

ער רעדט אין לאַטיין מיט אַ צומיש פון פּסוקים,
אַז צייכנס אויף ביאת הגואל זיך מערן.
די ייִדן פון געטאָ פאַרחידושטע קוקן:
זיי לעבן בשלום, און ער וויל זיי שטערן.

זיי האָבן געהערט, אַז אין קייטן געבונדן
עס זיצט אין אַ תּפיסה משיח געפאַנגען.
נאָר ס׳האָט נישט זײַן גײַסט זייער האַרץ אָנגעצונדן
און ס׳לאָקט זײַן געשטאַלט נישט פון הינטער די שטאַנגען.

צי וויסן זיי אפשר ווער ס׳איז שלמה מולכו?
זיי קוקן מיט חשד אויף דעם בעטלער אין שמאַטעס.
זיי וויסן פון גאָרנישט, זיי גייען אין שולכל,
זיי לעבן בשלום, און אויך מיט די לאַטעס.

ז

דער טיבער פאַרפלייצט האָט די גאַסן פון רוים,
סמבטיון — אַרוים פון די ברעגן.
מקוים געוואָרן די נבואה, דער טרוים,
פון מולכון אין וואַנדער און וועגן.

ער איז איצט געקומען צום פויפּסלעכן הויף,
מיט ייִדישער שליחות באַלאָדן.
דער פויפּס נעמט מיט כּבוד און צוטרוי אים אויף,
נאָר רוימישע ייִדן — מיט חשדים.

די לאַטע די געלע איז טיף אײַנגעקריצט
אין גוף און נשמה פון ייִדן.
דעם טויער פון געטאָ, דער קלויסטערשער שפּיץ
איז מתרה, אַז אַלץ איז מרידה.

עס קלײַבן די פּני זיך פון קהל צונויף,
בראש — דאָקטאָר יעקב מאַנטינאָ.
מען סודעט זיך שטיל אין אַרײַנגאַנג פון הויף,
מען רעדט איטאַליעניש, לאַדינאָ.

— דער מולכו האָט גאָר נישט קיין צורה פון ייִד
זײַן שטעל — צו געוואַגט פאַר אַ גואל.
איז ער עס געזעסן אין קייטן געשמידט?
און ער ברענגט עס גאולת ישראל?

ווער גלייבט אין זײַן שליחות? פויפּסט קלעמענס אַליין?
איז דאָס נישט גענוג קיין התראה? —
מאַנטינאָ זיך קאָכט — ס'איז די אחדות נישט קליין,
נאָר ס'האָט דאָ דער ס"ם זײַן השפּעה.

— מען דאַרף אויף אים אָנווײַזן דעם טריבונאַל, —
דער רופא נעמט נידעריק שוועבן. —
אַן אומגליק אויף יִידן עס קומט, און דער כּלל
שטייט העכער פון איין מענטשנס לעבן.

— וואָס מורמלען זיי דאָרטן פון אדום און רוים?
וואָס סודען זיי זיך אין לאַדינאָ?
די אויגן מאַנטינאָס — אַ פינצטערער תהום,
די ליפּן פאַרביסן פון שׂינאה.

מ׳האָט מולכון פאַרמשפּט, אויף שײַטער פאַרברענט
פאַר אָנזאָגן רוים די מפּלה.
און מאָרגן דורכרײַטן אויף פערד אים דערקענט,
באַגלייט פון דעם פּויפּס שויץ־חיילות.

ח

ס'איז יאָסלמאַן־ראָסהיים אַ חשובער ייִד,
אין רעגנסבורג — תּושב אַן אַלטער.
אין זאָרג פֿאַר דער געטאָ ער ווערט גאָר נישט מיד
דעם כּבוד פֿון ייִדן צו האַלטן.

ער איז אין שתּדלנות באַשטענדיק פֿאַרטאָן,
פֿון רדיפֿות און גזירות זיי היטן.
אין הויף פֿון דעם קייזער ער שטעלט נישט אין קאָן
אַפֿילו קיין שנירל פֿון ייִדן.

ער טראַכט פֿון די רייד, וואָס ס'האָט מולכו גערעדט
צו אים וועגן ירושלים.
פֿון הילף בײַ דעם קייזער, דורך אים וואָס ער בעט,
כּדי ארץ־ישׂראל באַפֿרײַען.

ר' יאָסלמאַן־ראָסהיים איז אַלט שוין און גראָ,
געפּרוּווט אין נגישות און צערן.
ער שרעקט זיך, עס זאָל ניט געגענען די שעה
און ברענגען אויף מולכון געפֿאַרן.

ער ווייסט פֿון דער שטרענגקייט דעם קייזערס און כּעס
אָן אײַנזען און אָן קיין שום יושר.
און מולכום דערשײַנען: חלילה־וחס,
פֿאַר אומרעכט זאָל זײַן שעת־הכּושר.

און יאָסלמאַן־ראָסהיים דאָס האַרץ רעדט זיך אויס,
שרײַבט מולכון אַ בריוו און אים וואָרנט
נישט גיין צו דעם קייזער, ווײַל גרויזאַם און גרויס
עס קאָן זיך צעפֿלאַמען זײַן צאָרן.

נאָר ס'האָט שלמה מולכו נישט מורא פאַר שטראָף
און ס'איז נישט צום האַרץ אים הכנעה.
ער מוז אין זײַן שליחות דערגייין ביז צום סוף
און הערט זיך נישט איַין צו התראה.

ט

עס שטייט שלמה מולכו מיט דוד ראובני
פאַר קאַרל דעם קייזער אין ייִדישער שליחות.
ראובני רעדט זאַכלעך און שטיל, אונטערטעניק,
און מולכו נביאיש, מיט האַסט, באַריכות.

עס זענען די ווערטער ראובני׳ס געציילטע,
ווי וואָלט, אָפּגעהיט, זיי געמאָסטן, געוווֹיגן.
און מולכו וואַרפט פֿײַלן געשווינד, נישט-געוויילטע,
וואָס פליִען מיט אימפעט אַרויס פון דעם בויגן.

ראובני בעט וואָפן בײַם קייזער, קאַנאָנען,
אַנטקעגן טערקײַ און פאַר ארץ-ישראל.
און מולכו, צעפלאַמט, טוט אַן אָטעם דערמאָנען
אַן ייִדישן גורל און גלות, און גואל.

דער קייזער הערט אײַן זיך צו ביידנס געדאַנקען,
אַ שמייכל אַ דינער באַדעקט זײַנע ליפּן.
ער שאָקלט מיט קאָפּ צו אויף זייער פאַרלאַנגען,
ווי העלפן זיי גערן ער וואָלט זיך געקליִבן.

אין מולכון ער קוקט זיך אײַן לאַנג און מיט שפּאַנונג —
זײַן אָרט פון געבוירן ער וויל זיך דערוויסן.
דערהערט — ליסאַבאָן, ברומט ער בייז אויס: מאַראַנען!
און הייבט זיך פון טראָן אויף צערודערט, פאַרביסן.

עס שווײַגט שלמה מולכו, נאָר תיכּף דערהערט זיך
זײַן קול, אָנגעשטרענגט פון נשמה-דערהייבונג:
— ער האָט צו די עלטערנס גאָט אומגעקערט זיך,
ווײַל מ׳האָט זיי געצוווּנגען צו בײַטן דעם גלויבן.

אויף קאַרלס געזיכט נעמט אַ רויטקייט זיך שפּרייטן,
דאָס בייז־בלוט גיט אויס דעם פאַרשטעלטן צבוע.
ער הייסט ביידע ייִדן פאַרשמידן אין קייטן
און שיקן צום ביסקופֿס רשות אין מאַנטוע.

,

מען פירט שלמה מולכון אויף שײַטער פֿאַרברענען,
אין קייטן די הענט, מיט אַ צוים אויפֿן מויל.
באַוואָרנט, ער זאָל פֿאַרן שטאַרבן גישט קענען
דערציילן פֿון איינציקן גאָט פֿון ישראל.

עס פרייט זיך מאַנטוע מיט קרבן געבונדן,
עס יובלט דאָס פעבל מיט קינדער אויף הענט.
מען גייט און מען גרייט זיך צו זען דאָס בייזוווּנדער,
ווי ייִד אין דעם פֿײַער ווערט ווערן פֿאַרברענט.

עס שפּאַנען מאָנאַכן באַבויכטע און יוסטע,
איקאָנעס אויף שטאַנגען זיך וויגן צעווייט,
גלחים מיט גאָלדענע צלמים אויף ברוסטן,
פֿון בעכערס און פֿאַנען אַ ווייררויך זיך שפּרייט.

עס ציט זיך די מחנה, מען הערט אויסגעשרייען,
פֿון ווײַטן דערטראָגט זיך פֿון פּויקן דאָס דרויב.
מען שפּרינגט און מען טאַנצט, עמעץ קנוילט זיך אין ווייען,
און ס׳דעקן דעם הימל צו וואָלקנס פֿון שטויב.

געבראַכט שלמה מולכון צום ראַנד פֿון דעם שײַטער,
אַרויפֿגעפֿירט אים אויף דער במה פֿון האָלץ,
צעבונדן די הענט, פֿון דעם מויל־צוים באַפֿרײַט אים,
און איבער המון וואַקסט זײַן קאָפּ אוים מיט שטאָלץ.

אויף פֿערד אַ שטאַפֿעט לאָזט דאָס קייזער־וואָרט הערן —
עס שטילט זיך דער טומל אײַן און דאָס געדרענג —
עס זאָל דיעגאָ פּירעס אַ קריסט צוריק ווערן,
וועט דעמאָלט זײַן לעבן אים ווערן געשענקט.

נאָר ס'וויל שלמה מולכו נישט הערן די בשורה,
ער שאָקלט אויף נ י י ן מיטן קאָפּ צום גענאָד.
זײַן גוף אויף דער הילצערנער במה זיך טורעמט
און ס'טראָגט זיך פון פלאַמען דער „שמע" און „אחד".

# רבי יוסף קאַרו און שלמה מולכו

א

נישט אַליין קיין מקובל, נישט קיין זון פון מקובל,
נאָר געפאַנגען פון מולכוס התלהבות און בלענד,
האָט דער מרן בית יוסף, נאָך די שאלות און תשובות,
זיך פאַרטיפט אין קבלה מיט התמדה און ברען.

ווער ס'איז בקי אין ניגלה, וועט דערגיין אויך צו ניסתר.
יוסף קאַרו און מולכו, ווי די הויכע צוויי בערג.
ס'ליגט די שטאָט־ירושלם אַ פאַרוואָרלאָזטע, וויסטע
און באַצווונגענע לאַנג אין די הענט פון דעם טערק.

שלמה מולכו באַוועלטיקט איז פון חלום אַ גרויסן.
ער איז ערשט־אָט געוואָרן אויף אַן אמת אַ ייִד.
ס'איז זיין גייַסט אויף דער טומאה פון דער וועלט אָנגעשטויסן
און זייַן אויג צו דער זעונג פון דעם קץ צוגעשמידט.

און ער האַלט שאַרפע דרשות אין דער שטאָט סאַלאָניקי,
ס'הערט זיך צו יוסף קאַרו אין גאולה פאַרבענקט.
עס איז שטרענג די הלכה, נאָר עס פּישופן בריקן,
וואָס אַ טרוימער און זעער איבער תהומען צעהענגט.

יוסף קאַרו באַצויבערט אויף מקובל טוט קוקן,
ווי באַגייַסטערט ער איז, ווי פאַרגלייבט זייַנע רייד.
ווי די שאַרפע חלפים, בלאַנקען טרוימען און פסוקים,
און געגאָד פון גאולה איבער אַלעם זיך שפּרייט.

מולכו שפּרודלט מיט חדווה, פרייד אין קאַרושן אויסזען,
און פוןביידן אַ שטראַליקייט פלייצט אָן אַ ברעג.
דער מאַראַן — דער גר־צדק און דער מרן בית־יוסף
אין איין חלום פאַרייניקט ביז דעם סוף פון די טעג.

ב

עס שרײַבט יוסף קאַרו זײַן „מגיד מישרים",
נאָך שעהן כּסדר מסדר־זײַן דינים.
אים דאַכט זיך, ער הערט איצט דאָס שאַלן פון האָרן
און טענער פון פידלען פון האַרבסטיקע, דינע.

ער מישט אין זײַן טאָגבוך די בלעטער פאַרגעלטע
און ס'גייען אַדורך שטיל פאַרבײַ זײַנע אויגן:
געשטאַלטן פון עבר, פאַרשוווּנדענע וועלטן
פון יאָרן און יאָרן, וואָס זענען פאַרפלויגן.

ער זעט שלמה מולכון, וואָס ער האָט באַגעגנט
אַלס טרוימער־מקובל אין שטאָט־סאַלאָניקי,
און שפּעטער נאָך פרײַנדשאַפט, מיט אים דאָס געזעגנען
פאַר אייגענעם אָפּפאָר קיין צפת נאָך אַ תיקון.

ער האָט אים הײַנט ווידער געזען אין אַ חלום,
ווי ער איז געגאַנגען, דער מענטש פון נבואה,
על קידוש השם מיט זײַן לעבן באַצאָלן
פאַר רוף צו דער גאולה, אין ווײַטער מאַנטוע.

איצט ווינטשט ער זיך האָבן זײַן סוף און צו שטאַרבן,
ער זאָגט עס אַרוים מיט געבעט, ווי אין ווידוי:
עס זאָל אים באַשערט זײַן דער זכות, יוסף קאַרון,
צו זײַן שכר־ועונש, ווי שלמה ידידו.

## רבי יוסף קאַרו און דער „מגיד"

ס'איז קאַרון אין חלום געקומען די משנה
צו לערנען די סודות מיט אים פון דער תורה.
צו מערן זײַן בקיאות, פאַרטיפן זײַן וויסן
און זוניק באַלײַכטן דעם וועג פון מסורה.

און קאַרו דערציילט אין דעם ספר „מישרים"
פון מלאך, וואָס האָט זיך פון הימל אַנטפּלעקט אים,
אַז ער איז זײַן „מגיד" געטרײַער געוואָרן
און יעדן פּאור צו עבודה געוועקט אים.

אַנטפּלעקונג נישט-ערדישע! פון יִראה געפאַנגען,
ס'האָרכט קאַרו דעם מגיד, וואָס זאָגט כּהאי-לישנא:
„איך בין נאָר דער אָפּקלאַנג פון דײַנע געדאַנקען,
זײַ וויסן, עס רעדט פון דײַן מויל איצט די משנה.

איך בין איר נשמה און קום דיך באַוואַכן,
ווי דו, כ'בין דערהויבן צו גרעסטער עליה.
פון חצות ביז פּאור טוסט קיין אויג נישט פאַרמאַכן,
אַרויסהעלפן דיר איז אַ זכות און אַ זכיה.

עס האָבן צום הימל דערטראָגן זיך קלאַנגען
פון דײַן מרעיש עולם זײַן, מוטיקן שפּרײַזן.
דײַן ניגון איז ווי דאָס געזאַנג פון געזאַנגען
און וועט לדור-דורות זיך נישט איבעררײַסן.

ביסט חתן-התורה, ביסט תּקופות-פאַרקניפּער,
דו גייסט צו השלמה, צו פולו-דערהייבונג.
און איצט, זאָג אַרויס בקול רם, ווי יום-כּיפּור:
„געבענטשט זאָל דער שם כּבוד מלכותו זײַן אייביק".

## אליהו הנביא

עס גייט אליהו הנביא,
אַרום איבער וועגן ער שפּאַנט,
אַנטקעגן משיח בן דוד
ער וואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד.

ער טוט נישט פאַרזאַמען און רוען
און קומט אומעטום אָן אין צײַט:
צו ברענגען מיט זיך די נבואה,
אַז ס׳איז שוין די גאולה נישט ווײַט.

ער האַלט זיך אין שטענדיקן גרייטן
און גייט אים אַנטקעגן מיט פרייד,
צו זאַמלען די שארית הפליטה
פון איבער דעם גלות צעשפּרייט.

אַזוי, און נישט מיד דורך די יאָרן,
ער האַלט אין איין שפּאַנען און גיין,
כּדי האַלבן וועג אײַנצושפּאָרן,
ווען ס׳קומט אָן משיח אַליין.

א

פון וואָר מײַן ליד

מײַן ליכטיקער טורעם

צום גרויסן סיום

אין געוויג

שרה בת טובים

ב

גלעקער און קייטן

פינצטערע חצותן

אין טעג פון גבורה

אויף די פעלדער פון לובלין

ג

שקיעה

צעפאַלענע רינגען

ד

צײַט-שפּיל

אין מיטן וועג

פון וואָר מײַן ליד

מײַן ליכטיקער טורעם

צום גרויסן סיום

אין געוויג

שרה בת טובים

# פון וואָר מײַן ליד

פון וואָר מײַן ליד

איך חלום אויס פון וואָר מײַן ליד,
ווי ס׳שוימט דער ווײַן אַרויס פון בעכער.
איך זוך אַ תּיקון אין דער וועלט,
פֿאַר מײַן געזאַנג — אַ ווײַטן עכאָ.

עס גיסט זיך אָן מײַן וואָרט מיט קראַפט,
ווי גרינע פּרוכט מיט זאַפט נאָך בליִען,
און הענגען בלײַבט אויף פעסטן שטאַם,
ווען וואָלקנס איבער הימל ציִען.

דאָס קליינע ביימעלע אין טאָל
זיך שטרעקט צו דעם געוועב דעם בלויען,
ווען ס׳ווערט צעעפנט אין דער הייך
פון פּורפּל, גין און גאָלד דער טויער.

אין פריִער שעה פון דעם באַגין
איך בין צו זון דער עבד־כּנעני.
פון זיך אַליין זיך שפּרייטן הענט
און ליפּן מורמלען: מ ו ד ה א נ י.

איך זאָג אַרויס מײַן וואָרט פאַרטרויט
פון טיפן האַרצן און געפילן.
איך בין פון מײַן פאַרחלומט ליד
דער זינגער און בעל־תּפילה.

## אין דער פרי

ס'איז שטיל דער אין־דער־פרי און לויטער
און מײַן געמיט ווערט מונטער, העל.
איך שטעל איצט מײַנע טריט פּאַרטרויטער
און זיכער שפּאַן אַנטקעגן וועלט.

ווי כ'וואָלט אויפסנײַ ווערן געבוירן,
אַזוי אין מיר צעוואַקסט זיך פרייד.
עס איז נאָך גאָרנישט נישט פאַרלוירן,
כל־זמן דער הימל בלוי זיך שפּרייט.

און מײַנע טריט זיך שטעלן פעסטער
אין פרישן טוי פון אין־דער־פרי.
אַ, פייגל, אויפגעוואַכט אין נעסטער,
עס רײַפט אין מיר אַ פרילינג־ליד.

פֿאַרשוווּנדן איז די גרויע, שווערע ווינטער־לאַסט.
די שטראַלן אויסגעצויגן אויף דעם קאַלטן שטיין,
האָט אין באַגין די זון געלאָזט זיך אויף דער גאַס
און נישטערן גענומען אין איר פֿריִען גיין.

און ווי אַ ווינקל אַ פֿאַרבאַרגענעם דערוויסט,
האָט זי איר דינע ליכט אַרײַנגעטריפֿט אַהין
און מיט צעשטראַלטן פֿלעדערוויש אַרומגעווישט
און אין שפּאַרונעס גין און גאָלד אַרײַנגעשפּינט.

און נאָך דעם דאָרטן לאַנג געשטיגט און געשאַרט,
ביז דער פֿרימאָרגן האָט פֿון שלאָף זיך אויפֿגעוועקט.
אַ גאַנצן ווינטער האָט אויף פֿרילינג זי געוואַרט
און פֿון דער וואָלקן־דעק איר קאָפּ אַרויסגעשטעקט.

דאָס ערב־פרילינג־גראָז ווערט גרין,
דער העלער דרויסן איז פאַרשמייעט.
אין פלייצעניש פון זון איך בין
אַ טייל פון שטענדיקער באַנייונג.

איך וואַקס אַרויס פון אַלטן שטאַם,
פון דורות־שטרעבן צו באַפרייונג.
מיין גייסט איז, ווי דער סנה, אין פלאַם,
און ליכטיק, ווי די זון, מיין רעיון.

כ׳בין, ווי דאָס גראָז און ווי דער בוים,
איך וועלק און טו אויפסנייַ געדייען.
און רירט מיך אָן די זון קוים־קוים,
דערוואַך איך אין אַ הרף־עין.

ס'איז פרילינג, פרילינג, אַ גרינגער, צאַרטער דופט
אויף יונגע פּנימער, עס גלאַנצן אַלע אויגן.
עס טראָגט די ווײַט אַ גרוס, דער דרויסן לאָקט און רופט —
אַ ווינט אַ שטיפער איז פאַרבײַגעפלויגן.

ס'איז פרילינג, פרילינג — דערוואַכונג און געברום,
און ריחות שאַרף און פריש די נאָזלעכער צערייצן.
ס'שטעלט דיבאָם זיך אַ פערד אַנטקעגן זון,
און מוטנע וואַסערן אין טײַך זיך הייבן, פלייצן.

צי אוים זיך אויף דער זון, ווי פרילינגדיקע טעג,
און אָטעם איַין די לופט פון בראשיתדיקן ווערן.
און צייל די ספירה פון דיַין קלאַנגיקן פאַרמעג,
ער וועט מיט יעדן אויפגעשטראַל זיך איצט פאַרמערן.

הייב אויף דעם קאָפּ אין הייך און רויטע זון דערקען
אין הימלען די צעבליטע, זיך ווידער צו באַוועגן.
נאָך לאַנגע ווינטער-נעכט איז גוט אַזוי צו זען,
ווי ס'נעמט דער קורצער טאָג זיך אויסגליַיכן און שטרעקן.

פון יעדן ריר קומט צו אַ דאָרשטיקער באַגער,
ווי קנאָספּן אויפן בוים אין שפּראָצן און אין פּלאַצן.
כאַפּסט אויף זיך אין דער פרי מיט אָנגעשאַרפטע געהער
און, זע — די זון פויקט העל אין פענצטער, ווי אויף טאַצן.

די זון אויף טאַצן שפּילט אַ דזשעז
אין הימל אויסגעבלויטן.
דער העלער דרויסן שמעקט מיט בעז,
מיט קאָרע און מיט שויטן.

עס שטעלט דער פרילינג פידלען אָן
אויף גאָר דער דינסטער סטרונע
און ענטפערט הימלשן טראָמבאָן
צעזונגען און צעזוניקט.

און ס׳קלינגט דער ריינער האָרן־מעש —
אַ תקיעה אויסגעצויגן.
און קופּער פון דעם זונען־דזשעז
פלאַמט אויף אין פײַער־בויגן.

כ׳האָב הײַנט אין שטיל פון אין דער פרי
אין װאַלד אַליין שפּאַצירט.
מיט פלעקן פון דער רױטער זון
זײַן קרױן האָט זיך געריַרט.

מײַן װעג אין אים האָב איך געזוכט
אין װײַטקײטן פאַרשטעלט,
אױף ברענענדיקער ראָד געקוקט
אַריבער צו דעם פעלד.

און שריט נאָך שריט האָב איך געפאָרשט
דאָס גראָזיק-װילדע זײַן,
געטראָטן איבער שמאָלן שטעג
אין שאָטן און אין שײַן.

דערמאָנט זיך יעדע מינדסטע זאַך,
די שטרויכלונגען אָן ברעג,
און כ׳האָב געבענטשט דעם גרינעם װאַלד
פון זונגאַנג אױפגעװעקט.

און כ׳האָב צו זיך אַזױ געזאָגט:
געהייליקט איז די שעה,
זי צו דערהױבונג האָט געפירט
פון מײַן נשמה דאָ.

## קאָרבן

### א

ס׳טוט דער ווינטער מיר באַנג אין מיט־זומער,
און דער זומער — אין אָנהייב־האַרבסט.
עס בליט אָפּ דאָ דער בוים, ווערט פאַראומערט,
וויפל ס׳האָט אים די זון נישט געקאַרבט.

ס׳רינט די שפע אַריבער די ברעגן
אינעם פלייץ און פזרנות פון האַרבסט.
געל און זשאַווער פון בלעטער אויף וועגן,
און אין שייַערן — תבואה געגאַרבט:

און עס גייען אַזוי, ווי געאָרעמט,
טיף־פאַרגיין און דאָס אויפגיין אין האַרבסט.
און די זון שוין אַלץ ווייניקער וואַרעמט,
און דער בלאַט אויפן בוים ווערט פאַרדאַרט.

אָט דערפאַר טוט מיר באַנג אין מיט־זומער,
ווען זייַן שאָטן נעמט שפּרייטן דער האַרבסט.
ווייַל עס וועלקט אָפּ דער בוים, ווערט פאַראומערט,
וויפל ס׳האָט אים די זון נישט געקאַרבט.

ב

מיט יעדן יאָר אַ פרישער קאַרב
אין קאָרע פונעם בוים קומט צו.
דער קאַלטער ווינטער זאָגט אים: שטאַרב,
און נײַער פרילינג קראַפט גיט צו.

עס ווערט די קאָרע גלאַט און גרין,
ווי סאַמעט צו דער האַנטס באַריר.
אין העלער שײַן פונעם באַגין
די קרוין פון בלעטער שימערירט.

נאָר, ווען ס׳פליט אָן מיט ווינט דער האַרבסט,
פאַרשווינדט די קרוין און זומער־טרוים,
די גרינע קאָרע ווערט פאַרדאַרט,
און ווידער הויל עס שטייט דער בוים.

און, אָט, דערפאַר אַ פרישער קאַרב
אין קאָרע פונעם בוים קומט צו.
דער קאַלטער ווינטער זאָגט אים: שטאַרב,
און נײַער פרילינג קראַפט גיט צו.

ג

צום ווײפּלסטן שוין מאָל געזען דעם בוים דאָ שטײן
מיט צווײַגן אין דער הייך זיך צו דעם הימל שטרעקן?
עס קומט דער האַרבסט און רײַסט זײַן בלעטער־קרוין אין גיין,
און פרילינג אויף דאָס נײַ נעמט לעבן אין אים וועקן.

און ווידער בליט דער בוים און בייגט צום ווינט זײַן קאָפּ,
און ס׳רוישן זײַנע בלעטער אין די גרינע צווײַגן.
די רויט־צעפלאַמטע זון פון הימל קוקט אַראָפּ
און פרייט זיך מיט זײַן וואַקסן און זײַן נײַעם שטײַגן.

און ס׳גייט אַזוי דער בײַט פון אורצײַט אײַן און אויס:
לעם סענק שפּראָצט אויס אַ קנאָספּ, פון אָפּדאַרן ווערט ווערן.
עס איז געטרײַ צום בוים די ווייכע ערדן־שויס,
און זון זײַן קאָרע קאַרבט דורך יאָרן, וואָס זיך מערן.

דו ציילסט די טעג און זאָגסט דעם יום
און קוקסט זיך צו ווי ס׳וואַקסט דער בוים.

מיט שטאַם פאַרוואָרצלט אין דער ערד,
ער ווערט מיט רייַפער פרוכט באַשווערט.

עס ריזלען כּוחות אין זייַן זאַפט,
עס מערט מיט יאָרן זיך זייַן האַפט,

און ס׳וואַקסן זייַנע צווייַגן גרוים
און שטרעקן זיך צום הימל אוים.

אַזוי אויך טראָג דו אוים דייַן לאַסט.
געקומען ביסט נישט ווי אַ גאַסט,

נאָר זיך פאַרוואָרצלען, ווי דער בוים,
צו אויסטרוימען דייַן גרעסטן טרוים,

צו אויספילן דעם גאַנג פון טעג,
מיט חכמה מערן דייַן פאַרמעג,

און זיך אַרייַנוואַקסן אין צייַט,
פאַרצווייַגן זיך אין אייביקייט,

אויף ווײַטע שטרעקעס וואָלקנס כמורע,
די הימלען — אָנגעפּוישט, באַשווערט.
ס'איז שטיל, ווי פאַר אַ גרויסן שטורעם,
און שאָטנס שפּרייטן זיך אויף ערד.

עס וויגט דער ווינט דעם שפּיץ פון טורעם,
מיט דונערן אין שוים פאַרגרייט.
די זון באַווײַזט זיך פון איר פורעם
און, זע — אַ פרישער רעגן גייט.

אַ הונט זיך יאָגט אויף הוילע שפּורן,
אַ האָז מאַכט פּיס איבערן פעלד,
אַ פויגל קײַלעכט אוים אַ שורה,
און — רעגנבויגן זיך צעהעלט.

עס שפּילט זיך ווער אין שורע־מורע —
עס גייט אין וועלט דער גרויסער דראַנג.
איך עפן אויגן און פאַרזשמורע
זיי, פון דער שײַן אין זונענגאַנג.

אין די ערשטע טעג פון גלויבן
איז די וועלט פאַרפולט מיט וווּנדער.
ס׳גיסט דאָס האַרץ זיך אויס אין לויבן,
ווי פון תפילה אויפגעמונטערט.

הימל־בלוי צעזונט פון אויבן,
פרייד פאַרפלייצט אַלע געוועבן.
בענטשונג איז אין ווײַן פון טרויבן
און אין כּישוף פונעם לעבן.

ווי דער פלאַטער פון די טויבן,
אין דער ווײַט געזאַנגען שטילע.
זון באַגילדט אין לופט די שטויבן
און אין גראָז די קליינע גרילן.

מיט דער פולער האַנט צו קלײַבן
און פון אַלץ אויף ערד געניסן.
ס׳קלאַפּט דער גינען אין די שויבן
און פויקט אויס דעם „על הניסים״.

די נשמה ווערט דערהויבן,
שטרעבט צו יחד פון באַזונדער
און צעגיסט זיך אין געלויבן:
וווּנדער, וווּנדער, איבערוווּנדער.

עס ליגט אין גאָלד פון געלע בלעטער
די גאָרטן־ערד נישט־אָנגערירט.
ווי קיין מאָל פריִער און קיין מאָל שפּעטער
אין טונקל־גאָלד דער האַרבסט זיך צירט.

אַן איבערפלוס פון גאָלד און זשאַווער,
אַ לעבן, אויסגעגאַן פון ראָסט.
און ס׳קוקן גראָז און בוים אויס זשוואַווער
אין ערב פון אַ טויט אין פראָסט.

א

איך ווייס נישט, צי דערפֿאַר ווײַל ס'איז שוין שפּעטער האַרבסט,
צי ווײַל דער הימל איז באַדעקט מיט וואָלקן־כמאַרעס, —
נאָר עפּעס נאָגט און נאָגט און עפּעס דאַרט און שטאַרבט,
כאָטש ס'זענען נאָך די טעג, ווי זומערדיקע, וואַרעם.

ס'איז שפּעטער חשוון־טאָג, מיטביימער אָנגעטאָן
אין רויט און ברוין און געל, מיט וואַנדערפֿייגל־רייען,
און אָפּפֿלי פֿון די פֿייגל מיט וואָרענונג זאָגט אָן
אויף אָנקום פֿון געפֿאַר, אין זייערע געשרייען.

ב

דער האַרבסט קערט אוים מיט האַסט באַוואָקסענע אַלייען
און מעקט אָפּ יעדן שפּור פון זומערדיקן גרין.
די ביימער רוישן און עס טראָגן זיך און דרייען
די פייגל עלנטע, פאַרוואָרלאָזטע אין ווינט.

עס בלאָזט דער ווינט און ברומט אַ האַרבסטיק ליד פון טרויער
און איבער פלאַך פון ערד אַן אומעט זיך פאַרשפּרייט.
און ס'שטרעקן צווייַגן זיך אונטער דעם הימל גרויען
און בענקען נאָכן זומער און דעם רעגן־שפּריי.

ג

עס ציטערן אין לופט די הויכע ביימער־שפּיצן
און שטאַמען וויגן זיך אין האַרבסטיקן געפּאַנג.
אויף דראָטן און אויף צוימען פאַרצאָגטע פייגל זיצן
און זינגען צו דעם זומער אַ זײַ־געזונט־געזאַנג.

די קאַלטע חשוון־ערד קילט נעפּל פון באַגינען
און וואָלקן־שאַרעס יאָגן שאָטנס אויף דער ערד.
עס הענגט נאָך אין דער לופט דאָס דין־געוועב פון שפּינען
און פייגל־נעסטן ווערן ליידיק און צעשטערט.

ד

ס׳ליגט אויסגעשעפּט די ערד אַ טרוקענע און מאַטע,
אוןביימער שאָקלען זיך אין קאַלטן טוי און ראָסט.
עס האָט איר מאָס פאַרפילט די זומערדיקע זאַטקייט
און אויף דער טיר פון שפּײַכלערם אָנגעטאָן אַ שלאָס.

עס וואַלגערן זיך בלעטער, פון האַרבסט צעפליקטע, געלע,
און שאָרכן אונטער טריט, ווי סאַמעט פון אַ קלייד.
אַוועק די זומערדיק־צעזונגענע קאַפּעליע,
און חשוונדיקער ווינט איבער דער ערד זיך שפּרייט.

אין שטילן טרויער בייגן די ביימער זיך אין שקיעה
און לאָזן לאַנגע צווײַגן ביז צו דער ערד אַראָפּ.
אַ פויגל אין דער לופטן ווערט שטאַר אין מיטן פליִען
און זוכט ווו צו באַהאַלטן אין פינצטערניש זײַן קאָפּ.

עס שײַנט נאָך נישט קיין שטערן אין הימלשע יריעות,
עס האָט דער טאָג בײַם אויסגיין ווי עפּעס זיך פאַרטראַכט.
און ס'הענגט נאָך דער המבדיל אויף פּאָטערם שוואַרצע וויִעס
און וואַרט עס זאָל פון הימל אַראָפּקומען די נאַכט.

אין קלעם פון שטײַפע ליפּן די שטילע ווערטער גליִען,
ווען ס'האַרץ אַריבער ברעגן גייט איבער פון געבעט.
און ס'טראָגט אַ ווינט פון דרויסן מיט ברום אָן די ידיעה,
אַז ס'האָט די וואָך געוווּנען בײַם שבת דאָס געוועט.

# מײַן ליכטיקער טורעם

מײַן ליכטיקער טורעם

יִידישער לשון, מײַן ליכטיקער טורעם,
לויטערער חלום מיט הימל צעשטערנטן, —
דו ביסט מײַן פעסטונג און דו ביסט מײַן פורעם
אינעם געררויש און געקאַך פון אַמעריקע.

גײַסטער געשמידטע מיט שטאָלענעם ווילן,
יורשים פון נוסח און שטייגער פון דורות.
ס׳יִידישע וואָרט, ווי דער הויך פון אַ תּפילה,
טראָגט זיך אַריבער ניו־יאָרק ביז די פּריירים.

ס׳מישן זיך אַלע געזאַנגען צוזאַמען,
ס׳וואַקסט פון די קלאַנגען איין שותּפישער ניגון.
תּפילות פון טאַטעס און תּחינות פון מאַמעס
הערט מען נאָך ציטעריק ערגעץ זיך וויגן:

## איך גלייב

איך גלייב אין יִדיש אָן פאַרוואָסן,
צי ס׳טראָגט, צי נישט, געפאַר די וואָר.
מײַן דור פאַרשווינדט, און וואָס דער עתיד
האָט צוגעגרייט, ווער ווייסט עס גאָר?

דער נביא וועט נביאות זאָגן,
דער קברן — וואַרטן אויפן מת.
און איך — צום הווה צוגענאָגלט
בין פון מעת-לעת און צו מעת-לעת.

איך בלעטער די פאַרגעלטע דפן
פון ספר אויסגעשפּרייט פאַר מיר.
עס שווינדלען פאַר די אויגן טראָפּן,
עס קלינגט אין אויערן אַ שיעור.

איך זאָג דעם שיעור נאָך מיט אַ ניגון
און אין דעם חלל שטיל איך ברום.
ס׳וועט מיך דער ענטפער נישט פאַרוויגן,
עס וועט מײַן צונג נישט ווערן שטום.

עס מעג די צוקונפט זײַן פאַרבאָרגן,
צו איר באַשווערט דער דורות-דראַנג —
ס׳איז נישט פאַרמשפּט נאָך דער מאָרגן
פאַר יִדיש — אין דעם נצח-גאַנג.

דער קאָפּ איבער בלאַט פֿון גמרא,
מחלוקת בית שמאי — בית הילל.
וואָס ביסטו געווען און געוואָרן?
וואָס הערסטו אין ניגון פֿ אַ ר ה י ל ן?

דער ניגון פֿון אמר אביי,
אַ שטילער, אַ ווײַטער דערמאַנען.
ער טראָגט אין זיך סודות פֿאַרטײַעט.
וואָס ווייסטו פֿון דאָרטן ביז דאַנען?

מישסט בלעטער נאָך בלעטער פֿון משנה
און ברומסט און צעגייסט אין געזאַנגען.
און ווילסט מיט דער חריפֿות דערוויסן
די סודות און אין־סוף דערלאַנגען.

ס׳וועט אפשר ווער אַ ייִדיש ליד דערמאָנען,
אַ וואָרט, אַ קורצע שורה ווען, און גאָר.
און דאָך, איך גלייב, אין ייִדיש איז פֿאַראַנען
נאָך קראַפֿט געגוג צו לעבן דור נאָך דור.

פֿון טאַטן האָב געירשנט איך אַ ניגון,
וואָס גייט מיר נאָך אויף יעדן טריט און שריט.
ער האָט געהאָלפֿן מיר די גרויע וואָר פֿאַרוויגן,
דעם עלנט און די מורא פֿון פֿאַרשניט.

דער אַלטער ניגון וועקט מײַנע געדאַנקען,
אַן ווערטער רודערט אויף ער מײַן געמיט.
ער לעבט אין טיף פֿון מיר און זײַנע קלאַנגען —
די טײַערע ירושה פֿון מײַן ליד.

איך האָב פֿון איר געקראָגן, ווי אַן אוצר,
די ליבשאַפֿט, וואָס דערטרעגלעך מאַכט מײַן עול.
אין אויערן קלינגט אָפּ דער וויי פֿון „מן המצר״,
אין האַרצן רופֿט זיך אָפּ דעם טאַטנס קול.

און ווען דער קלאַנג פֿון ייִדיש זיך דערוויטערט
און אין דער לופֿטן, דאַכט זיך, הענגט אַ גזר,
דערהער איך שטילע טרייסט־ווערטער געלײַטערט
און ווידער גלייב אין עונש און אין שׂכר.

פֿאַרגליווערט דאָס לעבן זעט אויס אונטער גלאָז,
אַן אויפֿשריפֿט צו אים מאַך געציקלט, מוזייִיש.
אַ שפּראַך טוויזנטיאָריק ווערט איבערגעלאָזט
פֿון ייִדן אַליין, ווי אַמאָל אראַמייִיש.

אַ שפּראַך, וואָס הייסט ייִדיש, ווי ס׳רופֿט זי דער ייִד,
אַ זעלטענע כּלי בשם מאַמע־לשון.
עס בליט נאָך איר ייִנגשאַפֿט און רײַך איז דער צוויט,
נאָר שטערן אין הימל איר ווערן פֿאַרלאָשן.

אַ נשאר, זי לעבט נאָך אין ווײַטן פּאַריז,
אין לאָנדאָן, ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס און וואַרשע,
נאָר ס׳זאַמט זיך דער נאָכוווּקס פֿון אבֿרים פֿאַרוויסט,
און קיינער נישט בלײַבן וועט באַלד זי צו ירשען.

איז, אײַל, צו פֿאַרגלאָזן די שפּראַך אין אַרכיוו
פֿון אַלע די נײַע און גרויסע מוזייען
אין ייִדישער שטאָט, וואָס זי הייסט — תּל־אבֿיבֿ.
און פּרוּוו דורך דעם גלאָז איר טשיקאַווע דערזעען.

ס׳האָט ייִדיש דעם חן פֿון אַן עכטן אַנטיק
און ס׳ווערט איר פּאַרצײַטישע חשיבֿות אַלץ גרעסער.
און ביז די געשיכטע פֿאַרציט אירע שטריק,
פֿאַרגרייט איר אַן אויפֿשריפֿט אין עבֿרית, פּראָפֿעסאָר.

עס טראָגט זיך צו די הייכן פון ייִדיש די מרכּבה.
אָ, ס'אַראַ פּלי אין שטח, אין צײַט און אין דעם שטייגער.
עס קומען נײַע דורות און ווערן אויסגעכאָוועט
פון אייגן לײַב דערווײַטערט און שטאַמיקן געלעגער.

די מאַמע קאָן קיין מעשה די קינדער נישט דערציילן,
נישט זינגען זיי אַ לידל מיט איר אַן אייגן ניגון.
זי לייענט פון אַ ביכל אַ פרעמדן און פאַרהוילן,
און ס'שטייט נישט קיין ווײַס־ציגל בײַם קינדערישן וויגל.

זי בייגט זיך אײַן מיט ליבע און גלעט דאָס קינדיש קעפּל
דאָס ליכט אין קינדער־צימער ווערט טונקל, אויסגעלאָשן.
די ווענט פון אַלע זײַטן פאַרצויגן מיט אַ נעפּל,
ס'איז שטום אויף מוטערס גומען געוואָרן ייִדיש־לשון.

עס טראָגט זיך צו די הייכן פון ייִדיש די מרכּבה.
די פערד מיט גרויסע גריוועס אין רויך און אין פלאַמען.
אָ, נישט פאַרליר דעם גלויבן אין דעם לעתיד־לבוא,
אָ, זײַ זיך נישט מייאש אין שורש, קינד און מאַמען.

ס'וועט מוטער זיך פאַרבענקען נאָך דער פרייד פון חידוש,
דאָס קינד וועט נעמען ציִען זיך צו דעם ווײַסן ציגל,
און אויפגעציטערט פון דעם פרישן קלאַנג פון ייִדיש,
וועט אויפנעמען די זעונג פון פײַער־פערד מיט פליגל.

אלול־צײַט, פֿאַרטאָג,
ס׳גייט פּרץ פֿון שטוב אַרויס.
ער אײַלט מיט גרויסע טריט
צו יעקב דינעזאָנס הויז.

ער קלאַפּט אָן אין דער טיר
און בלײַבט שטיין טיף פֿאַרטראַכט.
ער קומט צו דינעזאָן:
— ביסט אויף געווען די נאַכט?

פֿאַרשריבן, זײַט נאָך זײַט,
איז פּרצעס כּתב־יד.
— הער, דינעזאָן, זיך אײַן,
ס׳גייט, דאַכט זיך, אויף אַ לאַד,

איך דאַרף דײַן אויער איצט, —
דו זעסט, כ׳קום גלײַך צו דיר.
עס שלאָפֿט דער לייענער דאָך
און וואַכן דאַרפֿן — מיר.

— נו, זעץ זיך צו, הייב אָן, —
זאָגט דינעזאָן דערוואַכט:
— אָט, נעם אַ פּאַפּיראָס,
איך האָב פֿאַר דיר געמאַכט.

ס׳לייענט פּרץ דעם כּתב־יד
און הערט זיך אײַן אַליין.
און דינעזאָן קוועלט אָן
און פֿליסטערט: — שיין, ס׳איז שיין.

# צום גרויסן סיום

**איסט־בראָדוויי**

ס'שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ פון איסט־בראָדוויי,
די אַלטע תושבים ווערן נעלם.
נאָר יורשים בלייַבן קאַלט צום וויי,
ווי ס'וואָלט פאַרשווונדן ווערן כעלם.

וואָס איז דען איסט־בראָדוויי פאַר זיי?
אַ זכר בלויז פון אַלטע היימען.
אין אויער שטעקט נאָך קינד־געשריי
און פאַרן אויג שטאַרצט נאָך אַ קוימען.

ס'האָט דאָ געלעבט אַמאָל אַ דור,
געשיצט פון שטייגער, ווי אַ מויער,
נאָר זין און טעכטערס נייַע וואָר
איז אין געיעג מיט צייַט און דויער.

ווי ס'ווערט אַ בוים אונטערגעהאַקט,
אַזוי ווערט איסט־בראָדוויי פאַרשניטן.
פאַרצייכן יאָר נאָך יאָר, לפ״ק:
דער טויט האָט קיינעם נישט געמיטן.

קריץ אוים אויך אויף מצבות דאָ
לדורי־דורות נייַע זעער,
אַז נישט צוליב דער חיי־שעה
אַהער געגאַנגען זענען גייער.

אַז דאָ געטרוימט האָט מאַני־לייב,
זײַן ליד האָט לאַנדוי דאָ געפֿורעמט,
אַז ס'האָט מנחם דאָ געגלייבט
און משה־לייב האָט דאָ געשטורעמט.

אין אַ האַרבסטיקן טאָג אין אַ קאַלטן,
אין געווימל, אין מיט איסט-בראָדוויי,
וואַקסן אויס, ווי צוויי שאָטנס, געשטאַלטן:
משה-לייב, מאַני-לייב — אין איין ריי.

משה-לייב אײַליק שפּאַנט, מאַכט העוויות,
רעדט באַטאָנט, אַ צעפלאַקערטער, ברענט.
מאַני-לייב גערן הערט זײַנע ראיות,
ווי וואָלט ערשט משה-לייבן דערקענט.

משה-לייב אָטעמט אומרויִק, היציק,
ווערט צעריסן פון אייגענעם ווײ,
ס'איז זײַן וואָרט אָנגעלאָדן און בליציק,
שנײַדט אַרײַן זיך אין מיט איסט-בראָדוויי.

איסט-בראָדוויי קאָכט מיט מענטשן, באַוועגונג,
איסט-בראָדוויי איז אַ קעסל, וואָס זידט.
צוויי געשטאַלטן מיט אייגענע וועגן
גייען דורך איסט-בראָדווייער יאַריד.

— מאַני-לייב, הערט אויס, — זאָגט משה-לייב אים, —
כ'האָב זיך שוין ווי אַ פּויק אָנגערעדט.
און איר קוקט אָט אַזוי... ווי וואָלט גלייבן,
אַז מײַן אויסטענהן זיך איז אַ חטא.

איר זוכט שיינקייט אין אַלץ, כּולו-שיינקייט,
ווי אַזאַ וואָלט געווען אומעטום.
ווי ס'וואָלט גאָרנישט געווען קיין קליינקייט,
גאָרנישט מיאוס אויף דער וועלט, גאָרנישט קרום.

און די לידער פון נס און פון וווּנדער
וויקלט אײַן איר אין שלייערן זײַד —
נו, אוודאי, מיר גייען באַזונדער,
נאָר באַגעגענען זיך אין דער ווײַט.

ווי אַ שוסטער, וואָס נייט שיך פאַר יענעם,
זאָגט, ווו נעמט איר די רו פאַרן ליד?
איך כאַטש שעלט אָט דעם מאַרק, וואָס מעג ברענען,
און פון גיין שלינג-און-שלאַנג ווער נישט מיד.

און מיך לאָקט נישט דער גאָלדענער פּאַוועס
פיל-קאָלירעוודיקייט אין איר קלייד.
און איך בין נישט מקבל באהבה
דעם יאַריד אין דער מיט איסט-בראָדוויי.

נאָר פאַרגאַפט מאַני-לייב איז פון צויבער
פון דעם האַרבסט-טאָג אין פורפל-פאַרגאַנג.
און ער הערט, ווי פאַרלוירן, פאַרטויבט ווערט
משה-לייב אין גערויש און געדראַנג.

## צום גרויסן סיום

יוסף אַפּאַטאָשו, ז״ל

ס׳קומט אַלץ צו זײַן באַשטימטן סוף
און אומפאַרמײַדלעך איז דער טרויער.
נאָר אַ פאַרמשפּטער אויך האָפט
ביז ס׳ווערט פאַרמאַכט נאָך אים דער טויער.

ס׳לויפט באַרג-אַראָפּ דער שטראָם געשווינד
און ציט זיך צו דעם גרויסן סיום.
און מײַן געדאַנק, כּל-זמן מיר דינט,
האַלט אָן זיך אין די זײַלן ק י ו ם.

עס לעבט אין אים אַ קדמון-קראַפט,
חלומות גרייכן טויזנט מײַלן.
בלײַבט שטיין אַ ווײַל, די וועלט האָט האַפט,
נאָר קורץ די צײַט איז דאָ צו ווײַלן.

ס׳איז אָפּגעשווומען, ווי אַ פלעק,
אַ גרויסע שיף אויף ימען-וועגן.
און מײַנע בליקן צו דעם ברעג
נאָך זענען דאָרטן צוגענעגלט.

זיי גייען אויף אייביק, אויף אייביק אַוועק,
ס'בלײַבט קיינער נישט נאָך די נפטרים.
נאָר שטויב קלײַבט זיך אָן, ווי דער זאַמד אויפֿן ברעג,
און לייגט זיך געדיכט אויף די קברים.

אַזוי אויסגעלײדיקט עס ווערט אונדזער טאָל,
דער ווינט רײַסט די ביימער, ווי ריטער.
ס'פֿאַרשווינדן די שעפֿער פֿון גרויסן אַמאָל,
פֿון דורות און שטייגער די היטער.

ווער ווייסט, ווי זיי, קומען אין בלענדיקער שײַן,
ווער זייער ירושה וועט אַרבן?
עס זאָל ווידער בליִען דער טאָל, ער זאָל זײַן,
דאָס לעבן זאָל גובר־זײַן ס'שטאַרבן.

צו נצח געצויגן זיך האָט זייער וועג,
צו שלמות, צום אייביקן קרן.
זיי זענען געגאַנגען פֿאָרויס פֿון די טעג,
דורך זאַמדן פֿון מדבר צו שטערן.

הײַנט דעקט זיי די ערד צו בײַם פֿינצטערן ברעג.
נאָר ס'ווערט נישט אַלץ עפר ואפר.
פֿון ערדישער שוים, פֿון אונטער איר דעק
וועט אויפֿבליִען ס'גאָלד נאָך פֿון אופֿיר.

י. י. סיגאַל, ע"ה

די פרייד אומדערוואַרטע פון יומטוב פון לידער
איןליידיקע טעג פון פאַרוואָרפענע שטעט.
איך נייג צו מיין אויער, כּדי ווידער און ווידער
צו הערן ס׳פאַרטרווילעכע וואָרט פון פּאָעט.

אָט דעם, וועמענס ליד איז בנעימות, באַשיידן
און, ווי אין אַ תּפילה, פון האַרצן אַרויס.
צו גאָט פון דעם אָרעמען מענטשן טוט ריידן
דער שטילער סיגאַל פון זיין איינזאַמען הויז.

געבענטשט זאָל זיין דער, אין זיין וועג נישט פאַרלאָרן,
וואָס זינקט נישט אין מיט פון דעם תּהום אין דער וועלט,
נאָר ווערט מיט איעדן באַגער ניי־געבאָרן
און זאַפּט איין דאָס ליכט פון דער זון איבער פעלד.

און לעבט אויס זיין לעבן מיט פשוטע מידות
און זוכט נאָר פון גוטסקייט דעם וועג אויף דער עריד.
און אין אונדזער לשון, דעם לויטערן יידיש,
זינגט אויס ער ס׳געזאַנג פון דעם אייביקן ווערט.

# אין געוויג

אין געוויג

איך בין דער נישט דערקענטער דיכטער,
ס׳איז פרעמד צום פאָלק מײַן שפּראַך און קלאַנג.
אַ פאַרגרימירטער, אומגעריכטער,
כ׳גיי אויף אַ שטריק אין מײַן געזאַנג.

די שטריק איז לאַנג און אָנגעצויגן,
פאַרשלייערט כ׳שפּיל, ווי אין אַ צירק.
פון אונטן גלאָצן גיריק אויגן,
איך וויג זיך, וויג, אַהין — צוריק.

איין קרומער קער, און — כּף־הקלע,
כ׳הענג אויף משקולת איבער תהום.
איך צויבער מיט סאַלטאָ־מאָרטאַלעס,
ווען ס׳שטאַרבט מײַן וואָרט אין פּוסטן רוים.

וואָס איז דען נאָך פאַר מיר געבליבן,
אַחוץ פון אָפּגענאַר דער זיג,
אַחוץ דער מאַסקאַראַד פאַרשריבן
מיט די געוויגן פון דער שטריק?

זײַן באַרוישט פון פאַרב און קלאַנגען
און באַרויבט פון שטילקייט שטילער.
וואָס איז שׂכר און וואָס — פאַרלאַנגען,
וואָס איז מאַנגל, וואָס — דערפילונג?

אַ פאַרגאַפּטער פון דעם וווּנדער,
זען, דערפילן און דערהערן,
אָדער שווײַגן אָפּגעזונדערט
און נישט זײַן מיט גאָרנישט גערן?

יאָגן זיך נאָך עפּעמערן,
נאָך אַ שאָטן פון אַ שאָטן,
אָדער יעדע רגע — ווערן
און פון צײַט נישט זײַן פאַרשאָטן?

דאָס טינטלט שורות אויס דער טינטלער
בײַם פענצטער, אין לאַמטערן־ליכט,
און הערט זיך צו, ווי ס'ווינטלען ווינטלעך
און יאָגן זיך אַרום אָן שיך.

איצט ווערט אַנטפּלעקט פֿאַר אים דער מעמד —
ס'וועט באַלד אַ פּלייץ טון פֿרילינג־גרין
און איבער באַרג און טאָל, ווי סאַמעט,
וועט הענגען הימלם פּיליגרין.

דער ווינטער, אָבער, אַלץ נאָך גרייסט זיך
און גייט זיך מיט זײַן פּראָסטיק גאַנג.
דאָך, קאָן מען צו אים זאָגן: א י י ס ע ך,
ער וועט נישט דויערן שוין לאַנג.

דער טינטלער קוקט אויף דעם לאַמטערן
און זעט זײַן פֿינטלען אין דעם ווינט,
וואָס ווינקט צו אים: עס וועט דאָך ווערן
דער הימל פּיליגרין־געשפּינט.

איך וואַרט אויפֿן נס אומגעריכטן
פֿון וואַרט אויפֿגעוועקט דורך געזאַנג,
ווי קינדער פֿאַרגאַפֿט פֿון געשיכטן,
געפֿאַנגען פֿון צויבער און קלאַנג.

מיט גלי אין די אויגן פֿאַרמאַכטע,
מיט פֿלאַטער און צאַפּל פֿון האַרץ,
פֿאַרנעמען זיי דאָס נישטגעדאַכטע,
דאָס אויסטערלישע און נישטדערוואַרטס.

זיך צונייגן צום אויפֿגערוימטן
מײַן אויער פֿון שטענדיק איז גרייט.
די רגעס פֿון טרוים, די צעשוימטע,
אין וואַרט קלייד איך אָן, ווי מײַן פֿרייד.

ווי פֿייגל די פֿליגלען צעשפּרייטן
און פֿליִען אין הימל פֿאַרטראַכט,
אַזוי קומט דער נס נישטבאַשיידטער,
אַזוי קומט דאָס וואָרט נישטגעדאַכט.

לבנה־שײַן. דער שוואַרצער קאָטער
צווייִשפּראַכיק לויבט דעם האַר אויף דאַך:
— „אָ, מיאַו־מיאַו, טאַטע־פּאָטער,
ביסט טאָפּלט גרויס אין אַזאַ נאַכט!"

איך האָב נישט ליב די פֿאַלשע שבחים,
גוזמאות אויסגעשפּרייט געראַם.
דער גלאַטער גלימער פֿון די דרכים
אויף לאַנג לאָזט איבער לאַקריץ־טעם.

מעג דער בעל־דבר זײַן ווי חשוב,
איך בייג זיך נישט אויף קני אין שטויב,
נאָר זאָג אָפּ קורץ, בזה הלשון:
— „פּאַרצייט, איך בין נישט קיין בעל־חוב".

כ'ווער פֿאַר קיין יחסן נישט געפֿאַלן,
צו שפּרינגען „קדוש" בין נישט גרייט.
ווער לויבן יענעם איז אַ בעלן,
אויף שטאָלצן שטעלט נישט זײַנע רייד.

אין זאָאָ־שטייג געזען האָב מאַלפּעס
צו קראַצן זיך אין שותּפות־צוג.
צו טוישן לויב — בין נישט קיין חלפֿן,
צו חנפֿענען — נישט קליין גענוג.

## גערדאַכט

גיי איך איבער גאַסן,
קוק אין הימל גאָרן,
אויגן מײַנע בלויע,
פענצטער פון זכּרון.

ווען האָב איך געזען עס,
גינען, צי אין שקיעות,
אויגן מײַנע בלויע
מיט די שוואַרצע ווִיעס.

וואָס איך זע איז ווייניק,
וואָס איך פיל איז גרעסער,
אויגן מײַנע בלויע,
גאָרנישט נישטפאַרגעסער.

ווי איך זאָל נישט קוקן,
ווי זאָל זיך נישט קליגן,
אויגן מײַנע בלויע,
טוט מיר נישט געניגן.

וויפל זאָל נישט שטוינען
און זיך נישט פאַרטראַכטן,
אויגן מײַנע בלויע,
מער איז אין געדאַכטן.

איך זינג מײַן ליד דאָס שטילע, פון האַרץ אַרויס — דער ניגון,
די ווערטער זענען פּראָסטע און פון מײַן אייגן סידור.
עס דבקהט זיך דער שפּילער, טוט חנדלען זיך און וויגן,
איך שפּיל זיך נישט און מאַך נישט קיין קאָזשעלקעס אין לידער.

איך ברום מײַן שטילן ניגון אין פריִער שעה, צי שפּעטער,
און קלייד נישט אָן די פּערזן אין יומטובדיקע קליידער.
עס איז אַ פרעמדער אופן דאָס לויפן אין געוועטן,
איך גיי מײַן וועג אַליין און — צו קיינעם נישט אין חדר.

איך גיי אַזוי, באַזונדער, און וואַרט נישט אויפן קומען
פון מאָגערער באַלוינונג פאַר שטימונגספולן דויער.
פון אָנגעשטעלטער פּאָזע פאַלט אָן אויף מיר אַן אומעט,
פון שטות, פאַרקוקט אין שפּיגל, נעמט מיך אַרום אַ טרויער.

איך הער זיך צו צום האַרצן און שעפּ פון דאָרט די מאָסן,
איך זאַג מײַן וואָרט אַרויס שטיל און מאַך נישט קיין העוויות
און ס'אַרט מיך נישט, אַז שענקען וועט מיר דער קאַרגער עתיד
אַן אָרעמאַנסקע, און — נישט קיין דערהויבענע לוויה.

דאָס ליד ווערט געבוירן אין שטימונג סובטילער,
דער דיכטער איז שטרענג אין זײַן וואגן.
אין לידער, ווי נאָטן פאַרשריבן פון שפּילער,
היט אָפּ די אתנחתא'ס און תגין.

דער פלינקער פּאָעט איז זײַן שליחות מגזם,
זײַן פּערז — אַזוי פלאַך, ווי די טאָלן.
צעשפּרייטער געמעל אויף די ווענט פון אַ וואַזע
פאַרשטעלט נישט אין מיטן דעם חלל.

אָן אײַנזען די גוזמא עס טוט גאַלאָפּירן,
מאָלט בילדער בעל־מומיש, מגושם.
דער מבול פון ווערטער צעפּראַלט אַלע טירן,
באַטויבט דאָס געפיל און פאַרטושט אים.

דאָס שורהווען שורות איז גלײַך די עצמות
דער מרבה לספּר וואָלט ציִען.
דאָס וואָרט ווערט געניזוקט, מיט רוק און לענד לאָמע
עס זינקט אין דער שאול־תחתיה.

ס'שטײַגט שווער איבער שטאַפּלען פּאָעט צו זײַן גילוי,
דער האָן קרייט נאָר גרינג אין באַגינען.
דאָס ליד ווערט געבוירן אין שטימונג סובטילער,
די היים פון דעם ליד איז נגינה.

צו אַ פֿאַרלעגערטן פֿאַרלעגער
עס קומט אַ ייִדישער פּאָעט
מיט האַרבער שאלה: צי מעגן מעג ער
אַ בוך פֿאַרלעגן און, צי וועט ער, ווער?

ס'קוקט דער פֿאַרלעגער אויס פֿאַרלעגן
און איבער ברילן מעסט אים אָפּ:
— וואָס טוט ער עס ביַי אים צו פֿרעגן,
וואָס דרייט ער אים אומזיסט אַ קאָפּ?

— איך בעט איַיך, — זאָגט ער מיט אַ ניגון,
וואָס פֿאַר אַ בוך צוערשט דערקלערט.
איך מיין עס פּשוט, וויַיל עס ליגן
צעוואַלגערט ביכער דאָ אויף דר'ערד.

— איך זאָג נישט גאָרנישט, איר זעט דאָך גראַדע, —
ער קרימט זיַין פּנים מיט דער נאָז.
עס מעג איַיך קימערן אוודאי,
נאָר ס'וועט אויף זיי באַלד וואַקסן גראָז.

— איך ווייס עס, — זאָגט פּאָעט אַ בלאַסער, —
איך האָב עס אויסגעפּרוּווט אַליין.
נישט קיין ראָמאַן און נישט קיין מעשה,
נאָר ליד פֿון לידער, — איר וועט פֿאַרשטיין?

— וואָס, וואָס? - צעשריַיט זיך דער פֿאַרלעגער, —
איר ווילט כ'זאָל ווערן בדיל־הדל?
צי קאָז איך, און צי איַיך פֿון וועגן
זאָל עס זיך עפֿענען אַ קוואַל?

כּדי די פֿאַרלעגנהייט נישט רייצן,
די נעמען זענען דאָ פֿאַרשטעלט.
ס'גייט דער פּאָעט דעם אויוון הייצן
מיט זײַנע לידער אין דער קעלט.

שפּרינגט אַרום אַ קליינע גריל,
טענצלט אום און דרייט זיך.
גרילט און גרילט אין שטילער שטיל,
צו אַ יומטוב גרייט זיך.

אין געגריל זי גראַמט זיך אויס,
איז זיך משמח.
פון די גראָזן שפּראָצט אַרויס
פרישער פעלדן־ריח.

פּלוצעם פון אַ בוים עס פאַלט
אויף דער ערד אַ ניסל.
— העלף מיר, — שרײַט עס, — אוי, געוואַלד,
כ׳האָב זיך אָפּגעריסן.

גיט די גריל צו אים אַ מאַך:
— שרײַ נישט, ס׳איז נישט איידל.
דאַנקען גאָט, פון אַזאַ זאַך
איז נאָך גאַנץ דײַן שיידל.

ווייסן זאָלסט, אין נײַער היים
ביסט איצט צווישן גרילן.
האָסט פאַרלאָזט דײַן צווײַג און בוים
נישט מיט אייגן ווילן.

ועסט שוין מער נישט וויגן זיך
אויף דײַן שטענגל, ניסל,
ווען אפילו זאָלסט, ווי איך,
צושפּרינגען אַ ביסל.

## צו...

פון דײַנע לידער די שווערע מהרש״א
באַדאַרף מען אויסטײַטשן און פּשטלען.
עס לעבט דײַן ליד פון חיי־שעה
און טראָגט אַ טאָרבע, ווי אַ בעטלער.

ביסט, ווי אַ מילגרוים, מיט לומדות פול
און קלײַבסט בײַ זיך אַליין שיריים.
עס האָט דײַן פּערז דערגרייכט זײַן גבול,
דײַן וואָרט קאָן מער זיך נישט באַנײַען.

האָסט זיך פאַרלוירן אויף דײַן וועג
פון פּשטות צו די שווערע פּשטן.
און ס'לויפט דײַן ליד פון דיר אַוועק —
אַ שטיפקינד פון זײַן שטרענגען טאַטן.

ער מײַסטערט אַ לעבן מיט זעג און מיט דלאָט,
נאָר זיך האָט קיין מויער נאָך נישט אויפגעשטעלט.
ער רעדט אין זײַן ליד צו דעם שכן און גאָט,
מיט חסד פון וואָרט גלײַך באַשטראָפט און באַהעלט.

און עלנט זײַן לעבן גייט דורך אָן אַ זײַט,
ווי ס׳איז אין פּראָווינץ פון אַ ייִד אַ פּאָעט.
ער טרעט אויס זײַן וועג אין געוועט מיט דער צײַט
און טרוימט פון ניו־יאָרק, דער שטאָט פון די שטעט.

און אומעטיק איז אים אַזוי און נישט גוט
אין טעג, ווען דער אומרו באַצווינגט זײַן געמיט.
ער זעט, ווי זײַן שכן מיט גאָט לעבט באַרוט
און הערט נישט דעם וויי פון דעם ייִדישן ליד.

און אָפט איז זײַן וואָרט אַזוי שטײַף, ווי די זעג,
און שנײַדיק און בלאַנק, ווי די שאַרף פונעם דלאָט.
און ס׳פאַלן, ווי שטיינער ווי שווערע, די טעג
אויף אים, ווי די לאַסט פונעם שטרענגן געבאָט.

נאָר ס׳טרעפט, אַז ער ווערט אַזוי צאַרט, ווי אַ פלייט,
ווען ער פון דעם דרוק פונעם יאָך זיך באַפרײַט.
און ס׳נידערט אויף אים אַזאַ שטילע די פרייד
און ס׳דאַכט: אָט די רגע אים שענקט אייביקייט.

ווער בין איך, ווער? ווען כ׳וואָלט געוווּסט,
וואָלט דאָס באַוווּסטזײַן מיך גענעזן.
דער ענטפּער איז פאַרהוילט, פאַרטושט.
מאין יבוא עזרי?

ווער בין איך, ווער? איך פרעג נישט סתם.
מײַן נאָמען איז מרמז — עזרא.
פאַרלוירן כ׳שטיי בײַם ברעג פון ים.
מאין יבוא עזרי?

איך זוך נישט קיין באַשייד פאַרצאָגט,
נאָר פרעג דאָך מיטן גאַנצן וועזן
און אַלגעדולד, וואָס איך פאַרמאָג:
מאין יבוא עזרי?

איך ווייס, איך וועל אַמאָל אויך שטיין
אַ הילפלאָזער פאַר שטרענגן בית־דין
און פרעגן פאַראַליינט, פאַרשטיינט:
מאין יבוא עזרי?

כ׳וועל נעמען אַלע מײַנע לידער,
דעם גאַנצן רומל אין אַ פּאַק,
און שווײַגנדיק זיי איבערבינדן
און טיף פֿאַרשטעקן אין אַ זאַק.

דעם זאַק פֿאַרוואַרפֿן אויף די פּלייצעס
און לאָזן זיך מיט אים צו גיין,
ווו ווילדע גראָז האָט זיך צעוואָקסן
און ס׳שטייט אין פֿעלד אַ בוים אַליין.

ווער דאַרף דען האָבן מײַנע לידער,
מײַן ייִדיש-לירישן געזאַנג?
כ׳וועל שטילערהייט צום בוים זיי ברענגען,
דאָרט צו באַהאַלטן מײַן געשאַנק.

און אויסקריצן אויף אים די ווערטער
אין שורות אויסגעשטעלטע צוויי:
— דאָ ליגן לידער מיט די וואָרצלען,
פֿאַרבײַגייער, נישט טרעט אויף זיי.

מיוחסדיק עס רוען אין שטילקייט די אַנטיקן,
קמיעות און קאַרעלן אויף טישן און אויף ווענט,
קרעדענצן און קרישטאָלן, אַ קליאַמקע און אַ שטריקל,
די רעשטלעך פון אַ שטייגער געקומען צו אַן ענד.

באַקען זיך מיט דער תקופה און איר פאַרריבן זיגל
און נעם אַ ווײַטן גרוס אָפּ פון זיטן אָפּגעשיידט,
פון שפּיגל אָנגעשפּאָלטן און אָנגעבראָכן קריגל,
מיט האַנט און מי פון דורות אַמאָליקע פאַרגרייט.

און מעדיטיר אַ ביסל פון צײַטווײַל און פון דויער,
פון דעם פאַרגאַנגענעם און דעם בלײַבנדיקן ווערט,
צעפאַלנקייט פון חומר און האַפטיקייט פון בויער,
און ווי פון זאַכן ווערן אַנטיקן אויף דער וועלט.

## טעקעלעך *)

צו שולמית קלינגמאַן

אויף שטריקלעך טענצלען טעקעלעך
און ציטערן און שרײַען:
— מיר גייען אונטער, ברעקעלעך,
די גאַנצענע חבריא.

עס ציט אונדז די עצמות אויס
דער ציִער פון די שטריקלעך,
ער צופּט, און צאַפּט די דמים אויס,
צעשטיקלט אונדז אויף שטיקלעך.

אָט, הייבט ער אונדז אין הייך אַרויף
און שוין — גלײַך שלעפּט אַרונטער.
ס׳גייט אויס דאָס האַרץ אין דעם געלויף,
די קני זיך ברעכן אונטער.

נישטאָ קיין אָפּשטעל אין זײַן שפּיל,
אים אַרן נישט די ווייען.
ער ציט די שטריקלעך, ווי ער וויל,
און מאַכט אונדז אויסצודרייען.

אוי, העלפּט אַרויס די טעקעלעך
אין גורל און נסיון,
ביז לעצטן צוג די ברעקעלעך
נישט הויכן אויס מיט אוי׳ען.

*) מאַריאָנעטן.

# שרה בת טובים

מײַן פרוי חנהן

א

האשה מרת שׂרה,
די פּשוטע בת טובים,
זי קומט אין אַן עת־צרה
מיט הילף און טיפן גלויבן.

זי גייט איבער די הײַזער
און קלײַבט צונויף נדבות
פאַר אָרעמע, צו פרײַזן
דעם גרויסן זכות פון אבות.

דעם גרויסן זכות פון אבות
און רעכט פון די אימהות,
און טיילט על צד השווה
אין יעדער שטוב די מעות.

האשה מרת שׂרה,
די פּשוטע בת טובים,
אַ מוטער איז געוואָרן
צו פרעמדע, ווי צו קרובים.

זי קומט אַרײַן אין שטיבער
און לאָזט זיך באַלד דערקענען,
און, נאָכן טאָג אַריבער,
זי לייענט דעם „צאינה וראינה".

ב

בת טובים זיצט בײַם טײַטש־חומש
שבת נאָכן טשאָלנט־עסן.
זי האַלט בײַ מכירת יוסף
און קאָן די עוולה נישט פאַרגעסן.

פאַרקויפט פאַר צוואַנציק זילבערשטיק
דעם בן־זקונים צו ישמעאלים.
ווי קאָנען ברידער טון אַזוינס?
ווער יעקבס האַרץ וועט היילן?

אַנומעלטן, להבדיל, האָט
געטראָפן בײַ דער שכנה —
איר זון אין מיליטער געכאַפּט,
איז האַלט זי אין איין וויינען.

אַזוי באַקלאָגט בת טובים שטאַרק
דער שכנהס אומגליק וויסטן
און זאָרגט זיך פאַר איר יונגן זון,
פאַרשלעפּט צו די קאַנטאָניסטן.

ג

בת טובים איז צו יעדן גוט,
און נאָך מער צו די שוואַכע,
זי קומט דעם טרויער לינדערן
און צווזען און צו וואַכן.

זי קוקט אין אויגן טיף אַרײַן,
ס׳טוט ווײ איר יענעמס ווייען.
דערזעט זי ווו אַן עלנטע,
בלײַבט גלײַך בײַ איר זי שטייען.

זי הערט זיך אײַן צום קלאָגן זיך,
געדולד — פֿאַר לעבן גרויען!
בת טובים נעמט צום האַרצן זיך,
איר מעג מען זיך פֿאַרטרויען.

איר מעג מען אויסזאָגן וואָס דריקט,
די ווונד פֿאַר איר אויפֿדעקן.
בת טובים הערט זיך צו און, זע,
עס נעמט זיך לעבן וועקן.

בת טובים איז צו יעדן גוט,
און נאָך מער צו די שוואַכע.
זי קומט דעם טרויער לינדערן
און צווזען און צו וואַכן.

ד

בת טובים טראָגט אַ ווײַסע הויב,
פון ווײַסן שוים אַ בלעזל.
אויף ווען זי גיט נאָר אַ קוק,
דער תּיכּף ווערט געגעזן.

בת טובים גייט איבער שפּיטאָל,
איר מעמד איז באַשיידן.
זי גיט צו יעדן האָפענונג,
שטאַרקט יעדן אין זײַן ליידן.

בת טובימס פּנים שטראַלט אַרוים,
מיט בליק באַרויקט קראַנקע.
זי שטילט זיי אײַן, ווענדט אָפּ פון זיי
דעם טרויער פון געדאַנקען.

בת טובים טראָגט אַ ווײַסע הויב,
פון ווײַסן שוים אַ בלעזל.
אויף ווען זי גיט נאָר אַ קוק,
דער תּיכּף ווערט געגעזן.

ה

בת טובים גייט אין ווייסן קלייד
צווישן קראַנקן־בעטן.
אָט איז זי דאָ, אָט איז זי דאָרט,
אין פריער שעה און שפּעטער.

בת טובים גייט מיט שטילע טריט,
זי רעדט מיט שטים מיט צאַרטער.
זי איילט זיך איבער דעם שפּיטאָל,
אַזוי פיל קראַנקע וואַרטן.

די קישן ליגט ביי דעם נישט גוט,
דער קאָפּ פאַלט אים אַרונטער.
זי בייגט זיך איין און גלייכט אים אוים,
קוקט איין זיך, גלעט און מונטערט.

בת טובימס קול — אַ שטילע פלייט,
איר פּנים איז פאַרבאָרגן.
זי ווייזט דעם קראַנקן אויף אַ רויז,
זי טרייבט אַוועק די זאָרגן.

— דער חולה גיין וועט גיך אַהיים
צום וויב, — עס זאָגט בת טובים.
זי שמייכלט, טרייסט, און וויל אַליין
אין אירע ווערטער גלייבן.

ו

גייט שׂרה בת טובֿים אין מיטן דער גאַס,
דערהערט זי אַ קינד עס טוט וויינען.
נעמט שׂרה זיך איַילן צום נאָענטסטן הויז,
צו זען, צי ס'איז דאָרט נישט אַליין עס.

געפֿינט אויס כּך־הווה, אין וויג ליגט אַ קינד,
גרויסאויגיק, מיט טרערעלעך־שיינדלעך.
זאָגט שׂרה בת טובֿים: — געזונט זאָלסטו זיַין,
דיַין קעפּעלע און דיַינע ביינדלעך.

ס'איז שׂרה בת טובֿים מיט אַלעמען גוט,
צו קליינוואַרג — אַ ליַיבלעכע קרובֿה.
דערזעט זי, די מאַמע עס זיצט אָנגעשפּאַרט
אין ווינקל, אַנטקעגן דעם אויוון.

רופֿט שׂרה בת טובֿים: — מאַמעלע־קרוין,
עס וויינט דאָך אין וויגל דאָס קינדל.
זאָגט יונגיקע מאַמע מיט פֿוילקייט אין שטים:
— מסתּמא, פּיטש־נאַס איז דאָס ווינדל.

נעמט נישטערן שׂרה אין טונקעלער שטוב
און טרעפֿט אָן אַ טרוקענעם וויקל.
לייגט איבער דאָס קינד און וויקלט עס איַין,
און נעלם ווערט באַלד אין אַ ליקל.

ז

בת טובים טוט זיך פעדערן,
כּאור, אין שטיל־באַגינען.
זי כּתיבהט אוים די אותיות,
זוכט ס'רעכטע וואָרט געפינען.

זי רעדט צום השם יתברך,
ווי צו אַ נאָענטן קרוב.
זי בעט: געזונט, פּרנסה
און וויל אים פּאַר אַן ערב.

זי טונקט די גענדזענע פעדער
און שורה שרײַבט נאָך שורה.
בת טובים איז אַ מלומדת,
די תּחינה איז איר פורעם.

זי קוקט אַרײַן אין חומש,
דערמאַנט זיך אין אַ גמרא.
זי רופט די מוטער רחל
צו העלפן אין אַ צרה.

די גענדזענע פעדער סקריפּעט, —
בענטשט ווײַטע און די קרובים;
פאַרענדיקט די לעצטע תּחינה,
אויפן שער שטייט: ש ר ה ב ת ט ו ב י ם.

גלעקער און קייטן

פינצטערע חצותן

אין טעג פון גבורה

אויף די פעלדער פון לובלין

# גלעקער און קייטן

ניו־יאָרק

ניו־יאָרק,
ספּיראַלן,
קייטן־בריקן,
שפּיץ־טורעמער
זיך וויגן.
קוואַדראַטן,
קובן
און דרײַעקן,
געקלעטערט
און געשטיגן.
פֿאַבריקן,
קראַנען,
רושטאָוואַניעס.
באַוועגונג.
מילבן,
בינען.
סירענעס,
גלעקער,
לחמא־עניא.
געיעג,
געלאַף,
אַנטרינען.
געדראַנג,
געשפּאַר,
געאײַל,
געווימל.
געשריי,
געוואַי,
געשפּרודל — —

געשטרעקט זיך
און געמענטשלט זיך
און אויף אַ דודעלע געדודלט.

אינעם הויכן הימל
איבערקלאַנג און שאַלן.
זונען־גלעקער קלינגען,
גין און גאָלד פון שטראַלן.

איבערקלאַנג און עכאָ,
גלין און גלאָן און העכער,
ס׳הענגט די זון אויף פענצטער,
ס׳שײַנט די זון אויף דעכער.

ס׳שפיצן הויך זיך טורעמס,
נעפלען זיך צעשפרייטן.
אין דער שטאָט־לופט בראַזגען
זשאַווערדיקע קייטן.

טראַסק פון עלס און טראַמען,
שטויס פון שטיין און שטאַנגען.
זון אויף הימלשטייגערס
אין דער הייך צעהאַנגען.

### רויטער מאָן

זון אויף גאַרנס אָנגעגאָרנט,
גליט אויף אײַזן און בעטאָן.
איבער טורעם־שפּיץ, דעם דאָרן,
פּלייצט מיט הויפנס רויטן מאָן.

הינטער מײַנע פּלייצעס שמאָלע
גייט זי אויף דאָרט און פאַרגייט.
הימלשטייגער פאַנגט מײַן חלום,
לאַנגן שאָטן וואַרפט און שפּרייט.

פון דער הייך, ווי פון אַ האָרן,
גין און גאָלד זיך גיסט אויף ווענט.
זון אויף גאַרנס אָנגעגאָרנט,
גליט אויף אײַזן, ברענט און בלענדט.

עס נידערט אַראָפּ און עס טוקט זיך
די זון אין די הימלישע פּאָלעם.
אויף שטאָט דער פאַרמויערטער רוקט זיך
געפּאַר אָן און גרויסע בהלה.

עס לויערט אויף איר און עס הויערט
דער שאָטן פון שפּיציקן טורעם.
אַ מויער אויף מויער זיך מויערט,
געהויפנטע שטיינער אין שטורעם.

ס'וועט אײַנפאַלן ווען נאָך די חופּה
פון גאָרן געגאָרנט אויף גאָרן,
און בלײַבן וועט שטיינערנע קופּע
צום הימל געשטרעקט ווי אַ דאָרן.

עס נידערט אַראָפּ און עס טוקט זיך
די זון אין די הימלישע פּאָלעם.
אויף שטאָט דער פאַרמויערטער רוקט זיך
געפּאַר אָן און אַ גרויסע בהלה.

ס'וועט אויפגיין די זון אין באַגינען
אַ צונטער־צעפלאַמטע אין הימל.
אין חורבה פון שטאָט נישט געפינען
קיין סימן פון בוים און פון בלימל.

נאָר ווילדגראָז צעוואָקסענער, ציִען
אויף װענט װעט זיך און אין די שפּאַלטן,
און ס'וועט זיך דאָס זוניקע גליִען
נישט האָבן אויף וואָס צו פאַרהאַלטן.

וועט פאַלן די זון אויף די שטיינער,
אויף בראָך פון די הײַזער זיך שטרעקן,
נאָר ס'וועט נישט אַרויסקומען קיינער
צו איר מיט אַ שמייכל אַנטקעגן.

ס'וועט קיינער נישט צוזען ווי העל איז
איר שײַן צווישן חורבות געשוואָלן.
און ס'וועט נאָר דער גײַסט פון קהלת
אין לופט הענגען: ה ב ל ה ב ל י ם.

כ׳האָב אויפגעהאָנגען, שטאָט, אויף דײַן געפלעכט פון דראָטן
מײַן אויפגעריסן אויג און אָנגעשפּיצטן אויער —
און כ׳הער און זע, ווי ס׳ווערט אונטער דײַן פּוס צעטראָטן
דאָס פאָלק, וואָס טראָגט פאַר דיר די ציגל צו דײַן מויער.

דו האָסט מײַן אויג געשאַרפט און אויער צוגענאָגלט
צום בײַשטײדל פון דײַן ווײַט־אויפגעפּראַלטער טיר,
און פאַר מײַן בליק אַנטפּלעקט די וועגן פונעם וואָגל
פון דײַנע ניכנע־קנעכט אין בבלשן פאַרפּיר.

עס לעבט אַן אומרו־גײַסט אין רויש פון דײַנע קלאַנגען
און ס׳רוט אַ טויט־געפאַר אין אימפעט פון דײַן זײַן —
אַ מויער אויף אַ מויער אין בראַזג פון שטאָל און שטאַנגען,
דו דריקסט מיט שטיינער־באַרג אונטער דער זונען־שײַן.

ס׳רויכערט שטאָט מיט הויכע קוימענס פון פאַבריקן,
קוימענס, ווי די העלדזער, אין דער לופט געשטרעקט.
און מיר בלאָנדזשען איבער גאַסן און די ליקן,
שטרויכלען זיך אין שטיינער אויפן גלײַכן וועג.

ס׳הענגט די זון אין הימל איבער לאַנגע בריקן,
אויף די קייטן דאָרט איר אויפגיין און פאַרגיין.
און מיר טרעטן מידע מיט פאַרבענקטע בליקן
און, ווי בלינדע, בוקן זיך צו שטאָל און שטיין.

אַ געדיכטער נעפל הילט אײַן די צוריקן,
די פאַרויסן און די מיטן פון געשען.
און מיר שטרעקן העלדזער (קוימענס — די פאַבריקן),
נאָר דעם זונען־אויפגאַנג קאָנען מיר נישט זען.

עס ברעכן זיך די שפּײַכלערס מיט אָנגעשטאָפּטער תּבֿואה
אין פּעטן לאַנד צעשמאָלצן פון זאַטקייט און פון ווילטאָג.
און אָרעמקייט געשוואָלן קוקט אויס אויף אַ נבֿואה
מיט מאָנענדיקע אויגן און הענט געשטרעקט אין ווייטיק.

דער דלות, ווי אַ הויקער, קריכט קרום אויף קוואַרע פּלייצעס
און וואַרגט דעם דינעם האַלדז מיט די ביינערדיקע פינגער,
די טרוקן־ווײַסע יאַסלעס מיט שאַרפע ציין מעלייצן
און קריצן אויס אַ ליד פון דעם נישטגעשטילטן הונגער.

אַ ליד פון בראָך, וואָס רײַסט זיך דורך אָפן קעל פאַר פּלאָגן,
אַז דאָס געדולד וועט באַלד פון צער און צאָרן פּלאַצן:
— אַ שטיקל ברויט צו שטילן דעם נאָגנדיקן מאָגן,
אָדער — ס׳פליִען שויבן פון שטיינערנע פּאַלאַצן.

# פינצטערע חצותן

פון סיביר ביז קאָלאָראַדע

ה. לייוויקן

ס׳ציִען זיך די ווײַטע וועגן
פון סיביר ביז קאָלאָראַדע,
נאָר ס׳קומט קיינער נישט אַנטקעגן,
אויסער וועלף אין גרויער סטאַדע.

וועלף מיט הונגעריקן וואָיען
און מיט גרינעם גיר אין אויגן.
טייגע, טונדרע, קאַלטע שעהן,
שנייִ דעם הימל האָט פאַרצויגן.

יאָגט דער וואָלף זיך איבער טונדרע
און ער נישטערט צו פאַרצוקן.
גליוועער האָט דעם שעפּס געבונדן,
שרעק געהויקערט האָט זײַן רוקן.

לויערט וואָלף און וויל פאַרצערן,
שאָרך פון שריט שפּירט דער געיאָגטער.
אויף דעם הימל קאַלטע שטערן
וועג באַלײַכטן פון געפּלאָגטן.

ס׳איז דער שעפּס דער אומבאַשיצטער
אין דער נעץ פון וואָלף געפאַנגען.
אַנגסט פון טויט און ציין פאַרקריצטע
אין פאַרלוירענעם געראַנגל.

שאָף געטריבענע אין סטאַדעס,
פּי געפאַנגענע פון שרעק,
אײַער אויפגעלויף, אוודאי,
קײַקלט זיך צום לעצטן ברעג.

ס'קניט די קנעכטישע הכנעה
אונטער בײַטש, וואָס שמײַסט און טרײַבט.
אין דער סאַמע־לעצטער שעה
אײַער וועג מיט בלוט פאַרשרײַבט.

און, להבדיל, מענטשן־קינדער,
אין אַן עדה, קאָפּ צו קאָפּ,
בייגן אויך זיך, ווי די רינדער,
פאַר דער בײַטש, וואָס פאַלט אַראָפּ.

אונטער שמיץ און שאַרפע ווייען
טראָגט צום הימל זיך אַרויף
אַ געשריי פון די געשרייען:
מענטש איז שוצלאָז, ווי די שאָף.

ווען עס גרייט זיך דער וואָלף צו פאַרצוקן,
בייגט ער אויס, ווי אַ בויגן, זײַן רוקן
און עס אָטעמט זײַן מאָרדע מיט שינאה
און עס שפּיזן די אויגן די גרינע.

ס'הערט דער וואָלף נישט פון קרבן דאָס שרײַען,
ווײַל זײַן בלוט ברענט אין אים, אין דער חיה,
און עס שטילט זיך זײַן דורשט אין דער גסיסה
פונעם שאָף אומבאַשיצטן, צעריסן.

נאָר אין מענטש, ווען ס'דערוועקט זיך דאָס פײַער,
קאָן ער מער זיך פון אים נישט באַפרײַען,
און נאָך גרעסער פון וועלפישער האָרדע
וואַקסט זײַן תאווה צו מאָרדן און מאָרדן.

אין שלאַקסרעגן, אין שטורעמווינט,
ווען גראָז אין פעלד זיך בייגט צו ערד,
ווען שווער, ווי בליי, דער הימל הענגט
און בליצן וואַרפט, ווי שאַרפע שווערד —

ווען ס'נידערט אימה איבער בערג
און דונער נאָך אַ דונער קנאַלט —
ווען פינצטערניש זיך וויקלט, קנוילט
און ס'דאַכט, די גאַנצע וועלט צעפאַלט —

ווען ס'יאָגט דער שטורעם זיך מיט האַסט
און בוים נאָך בוים פאַרטיליקט ווערט —
נעם אָן אים, ווי עס טוט דער וואַלד
אין וואַקסן אייביקן אויף ערד.

פאַר וואָס אַזאַ מין שטומען און אַ דערשטיקטער שוויַיגן
אין אָט דער צײַט פון לעצטן, פון סאַמע־לעצטן סוף?
עס בייגט דער בוים אין שטורעם זיך מיט די שווערע צוויַיגן
און ס'רייסט נישט זון, נאָר פולווער, דעם טאָג אויף פונעם
שלאָף.

עס ברענט דער טאָג אין אומרו פון דעם צעשטערטן פרידן
און שוידער און שגעון אין בלוט זיך גיסט, ווי שטאָל.
געווען אַמאָל אַ לאַנד איז, אַ שטילע אַטלאַנטידע,
וועט אויפקומען אַזאַ נאָך פון יאָמערדיקן טאָל?

אין פחד און אין פּיַינען, אין שרעק פון קאַנאָנאַדע,
דער הימל הענגט נישט מערער מיט וווּנדער אין זיַין מיט
נאָר ס'ריַיסט אים אויף פון נידער אַ ניַיער טאָרקוועמאַדע
און רעגנט אויף די מענטשן מיט בליַי און דינאַמיט.

אָ, וואַך צוריק, טאָלסטאָי, אויף, דער טאָג איז אָנגעקומען,
אין שטומעניש און שוויַיגן איצט מאַך אַ טיפן רים.
און, דו, זאָלאַ, שטיי אויך אויף, און דונער פון דיַין גומען
אַרום פאַר מאָרד פון מענטשן ס'געדעכטיקע: — „זש'אַקיוז".

די גאַנצע וועלט געשפּאַנט — אין שטרײַט איז די אָרענע.
אַנטקעגן ווילד־צעברויז וואָס קאָן באַשטיין אַ פּויסט?
אין לופט־געדויש עס שטאַרצט די שטאָלענע אַנטענע.
איר ציטער דרינגט אַרײַן צו מיר אין שטילן הויז.

מײַן ייִנגל, צוגעגייגט צו ראַדיאָ, הערט די טענער.
ער איז באַצויבערט און אין אַוואַנטור פאַרקאָכט.
די אויגן בליצן אויף, ער איז מקנא מענער:
ווען וועט אַ גרויסער ער שוין אויסוואַקסן, ווען דאָך?

אָ, וואַרט, מײַן ייִנגל, וואַרט (עס ציטערט די אַנטענע).
וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, וואָס וועקט דײַן יונגן מוט?
דער הימל דונערט, קראַכט (די וועלט איז אַן אָרענע).
אין אָנגריף פון דעם מור די ערד גייט אָפּ מיט בלוט.

אָ, וואַרט, מײַן ייִנגל, וואַרט. אָ, וואַרט נאָך צו אַ ווײַלע.
עס יאָגט דער עראָפּלאַן, עס קריכט דער טאַנק אין טאָל.
די צײַט, זי שטייט נישט, קינד (ווי שטעלט מען אָפּ דאָס אײַלן?).
דו וואַקסט אויף אין אַ דור פון אײַזן און פון שטאָל.

דאָס אַלטע אַכּפּער, היט, נאָר זאָג צו דעם: אַדיע.
דעם שימל פון אַמאָל רײַס אויסעט און פאַרטיליק.
און איז דיר גוט, צי שלעכט, און זאָגסטו: ניין, צי יע,
עס וואַקסן פּיראַמידן — וויליק, צי נישט וויליק.

דאָס לעבן קאָכט און ברויזט און פּישופט, ווי אַ מאַג.*)
די וועגן זענען קרום, פאַרהוילן און משונה.
וואָס איז דעם מלך פּרעהס, צי לענינס סאַרקאָפאַג,
אַז ס'ווילדעווען נאָך אַלץ אַטילאַ און די הונען.

ווי אַלט איז דען די וועלט? ווען וועט זי ווערן פרײַ?
דער באַלזאַמירטער גײַסט איז שטיקנדיק, בייזוויליק.
עס טראָגט אַ טויט-גערוך פון מומיעס אַלט און נײַ,
פון אַלע מאַוזאָלייען, אָן דעם מינדסטן חילוק.

---

*) מאַגיקער.

# אין טעג פון גבורה

אין שטעטלעך פון מײַן היימלאַנד

אין שטעטלעך פון מײַן היימלאַנד רויכערט נישט קיין קוימען
און ס׳קאָרטשעט זיך די ערד דאָרט אין צער און אין וויי.
און איבער שטיבער עלנטע און אומבאַשיצטע היימען
עס הענגט דער בלויער הימל און שפּרענקלט רעגן־שפּריי.

עס דעקט די נאַכט די ערד צו, ווי אַ שוואַרצע לאַטע,
און ס׳שמאַכט אין שטיקעניש מײַן ברודער צווישן ווענט.
זײַן לײַב צעקײַלט ביז בלוט איז פון דער בײַטש פון קאַטן
און אַנגסט פון טויט־יסורים אין זײַנע אויגן ברענט.

די טויטע שטילקייט רײַסן אויף נאָר עראָפּלאַנען,
און ווו ס׳גייט אויף אַ תּפילה, דאָרט אַ באָמבע טרעפט.
אין טעג פון פּײַן און צער איז דען אַ טרייסט פאַראַנען?
צום לעבן פון קדושים מײַן ברודער זיך באַהעפט.

איבער ווייסטע שטרעקעס, אונטער פּעך פון הימלען,
יאָגט מײַן פאָלק דער שׂונא דורכן גרויל פון טעג.
ס'איז פאַרוואָגלט יעקב, אָן אַ היים ישׂראל,
און אָן סוף עס ציט זיך, שלענגלט זיך דער וועג.

זאָגערס פון מה-טובֿום און פון והוא-רחומס,
וווּ אין רויך און פלאַמען ס'ווערט מײַן היים צעשטערט.
שווין נישט לאַנג געבליבן ביז צו דער גאולה,
קומען וועט אַ סוף צום וואַנדלען אויף דער ערד.

ס'וועלן הענגען הימלען שטיל דאָן איבער שטיבער
און דער שניטער זאַמלען וועט דעם שניט אין פעלד.
און דער וואָגלער וועט זיך צו אַ ברעג דערשלאָגן
און מיט נײַעם גלויבן בויען זײַן געצעלט.

ס'איז יעדער טאָג אַ טאָג פון גבורה
אין ווײַטע שטעטלעך פון מײַן היים.

דאָרט שטייט מײַן ברודער אין יסורים
און פלאַנצט באַגינען נײַעם בוים.

עס לויפט דער פײַנד אָן, ווי אַ שטורעם,
און רויבט זײַן האָב און גוטס, פאַרצערט.

און ער, אונטער די הימלען כמורע,
ער — בענטשט די מענטשלעכקייט אויף ערד.

ער לויבט דעם טאָג, אין וועמענס שפּורן
אַ שטראַל פון זון איז אײַנגעוועבט.

ס'איז יעדער טאָג אַ טאָג פון גבורה,
און גײַסט פון קדושים אויף אים שוועבט.

אָ, גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב,
אַזוי האָט מיַין מאַמע מיט פרומע געדאַנקען,
מיט ווערטער מיט ווייכע, באַשיידענע, שטילע,
געפליסטערט אין מאַמישע זאָרגן איר תפילה.

איך בין אין אַן אומרו, מיַין האַרץ איז פאַרביטערט,
מיַין גיַיסט אין אַ קלעם איז באַשווערט און דערשיטערט,
און כ׳קאָן נישט געפינען קיין ווערטער קיין פרומע,
איך זאָל, ווי מיַין מאַמע, מיט זיי צו דיר קומען.

כ׳פאַרמאָג נישט די פשטות, די קלוגע עניוות,
דאָס גלייבן אין אייביקער גרויסקייט און חשיבות,
און כ׳קאָן נישט, ווי זי, דיך נאָר לויבן און דאַנקען
אין ציַיטן פון שחיטות, פון ייִדישן צאַנקען.

איך בין נישט קיין זאָגער און קלאָגער, ווי איוב,
נאָר ס׳זענען נישטאָ שוין קיין ייִדן אין קיִעוו,
און כ׳ווייס, אַז דו הייסט אויך אל רחום וחנון,
נאָר כ׳האָב נישט געהערט דיַין רחמנות דערמאָנען.

איך פיל נישט קיין ייִאוש, אפילו קיין ניצוץ,
איך זוך נישט אין שיפלות אַליין זיך באַשיצן,
נאָר כ׳האָב צו דיר, אל מלא רחמים, אַ טענה,
ווען ס׳איז נישט געבליבן קיין ייִד אין אוקראַינע.

איך האָב נישט די פשטות, פון האַרץ די עניוות,
דאָס גלייבן אין אייביקער גרויסקייט און חשיבות,
און כ׳בין דיך נישט משׂיג אין מיַינע געדאַנקען,
אָ, גאָט, אַן אברהמען, אַן יצחק, אַן יעקב.

אויגוסט 1944

א

עס גייען אין פײַער און פלאַם אויף מעת־לעתן
און ס׳וויקלט אַ רויך אום די געטאָ־רוּינען.
כ׳וועל דורשט נאָך נקמה נישט אָנהייבן לעשן,
נישטאָ גאָר קיין טרייסט, וואָס זאָל קאָנען געפינען.

דורך טויזנטער יאָרן מיר זענען געזעסן
אויף טײַכן און גרענעץ פון יעדער מדינה.
עס רינט אונדזער בלוט אוים פון לעבנס־געפעסן,
נאָר ס׳וועט אונדזער גײַסט פון דער וועלט נישט אַנטרינען.

מיר וועלן נאָך אויפשטיין אַ גרויסע כּנסת,
עס וועט אונדזער טרוים זיך נאָך ציִען און שפּינען.
מיר וועלן נאָך אויפשטיין און ס׳וועלן מעת־לעתן
זיך צינדן אין שײַן פון דער אייביקער שכינה.

מיר זענען געקומען צו זײַן נישטפאַרגעסן.
מיר זענען די אייביקע, און נישט די שׂינאה.
דורך טויזנטער יאָרן מיר זענען געזעסן
אויף טײַכן און גרענעץ פון יעדער מדינה.

ב

מיר וועלן נאָך אויפשטיין פון אונטער רוינען
און בויען אויפסניי פונעם בראָך און פאַרוויסטונג.
ס'וועט קומען דער טאָג נאָך אין שיין פון באַגינען
און צווישן די וואָלקנס די זון וועט אַ שפּריי טון.

מיר וועלן נאָך אויפשטיין פון אונטער רוינען,
נאָר אונדזער געפיל וועט מיט צער געמישט זיין.
פאַרשאָלטן זאָל ווערן די וויסטע מדינה,
וואָס האָט אונדזער הארץ מיט דער שינאה פאַרמיסטיקט.

געבענטשט זאָל די האַנט זיין, וואָס וועט איר באַצאָלן
אַ צאָלונג גערעכטע פאַר אומענדלעכע ליידן,
פאַר לעבנס דערשטיקטע, פאַרברענטע, צעמאָלן,
פאַר חרוב געוואָרענע יידישע עדהם.

געבענטשט זאָל די האַנט זיין, וואָס וועט זי באַשטראָפן
אַ שטראָף פאַרן בלוט און נשמה־עינויים.
פאַר בראָך, וואָס אין דורות האָט אונדז נישט געטראָפן,
פאַר פּיין, וואָס קיין גלייכן נישטאָ איז גאָר צו אים.

פאַר אונדזערע קדושים, געשענדטע, פאַרלענדטע,
פאַר קינדערס אומהילפיקע ביטערע טרערן —
די האַנט פונם גואל־הדם זאָל זי ברענען
און מאָס פאַר אַ מאָס זאָל געגעבן איר ווערן.

דאָס געשריי פון פאַרפּייַניקטע קינדער,
ווי פון הבלם פאַרגאָסענעם בלוט,
זאָל פאַרפאָלגן אויף אייביק דעם שינדער,
דעם פאַרשאָלטענעם שונא, דעם ברוט.

ס'רייַסט פון ביטערן האַרץ זיך אַ קללה,
נאָר ס'געמיט ווערט נישט גרינגער דערפון.
קליינע גופימלעך, דינינקע, שמאָלע,
אויסגעשאָכטן אין ליכט פון דער זון.

ווער וועט מאָנען פאַר אייַך, טויבן רײנע,
פאַרן צאַפּל אין לעצטער מינוט,
דער קאַלטבלוטיקער מערדער, דער שונא,
זאָל באַצאָלן פאַר אומשולדיק בלוט?

אַנגסטן שווערע אויף פּנימלעך צאַרטע,
צוק פון העלדזלעך און ציטער פון ליפּ.
ס'האָט די קויל נישט געקאָנט זיך דערוואַרטן
צו דערשטיקן דעם קינדערשן כליפּ.

ווער קאָן פילן דעם טרויער פון אויגן
און דעם פלאַטער פון גלידער אין שרעק?
ס'פאַלט אין אָנמאַכט דער קאָפּ אָנגעבויגן
פאַרן בראָך אָן אַן ענד, אָן אַ ברעג.

רייַס זיך קריעה פאַר קינדער געטויטע,
זעץ זיך שבעה פאַר קינדער פאַרלענדט.
צו דעם הימל דעם שטומען זיך שפּרייטן
אָן אָן ענטפער פאַרבראָכענע הענט.

## איך רוף

איך רוף מיט מײַן גאַנצן געביין
אין טיפן אומענדלעכן טרויער —
אין טורעם פון העלפאַנדביין
האָט גאָט זיך אויף אייביק פאַרמויערט.

ער הייכט דאָרט אַ שטרענגער, אַליין,
אַ טויבער צו אַלע פאַרוואָסן.
קיין תפילות צו אים נישט דערגיין,
קיין סליחות אין פינצטערע חצותן.

ער לאָזט קיין גערוישן נישט צו,
קיין טומל אין הימלשע ספערן,
אין שטילקייט פאַרטאָן און אין רו,
אין שײַן פון לבנה און שטערן.

ער קוקט נישט אַראָפּ צו דער ערד,
פאַרזונקען אין אייגענעם רעיון,
לאָזט וועלט זי זאָל ווערן צעשטערט
און הבלען — זאָל הרגענען קין.

ער טראַכט נישט פון דויער און האַפט,
פון קינדער אויף הפקר געלאָזן.
אים קימערט נישט מער זײַן באַשאַף,
ווי זאַמדן פון ווינטן געבלאָזן.

ער גייט אין דער שטילקייט אַרום
און פרוווט, ווי אַ חזן, זײַן שטים אויס,
נאָר ס'הערן אים הימלען אויס שטום,
ווי ס'ווערט אים זײַן זינגען נישט נמאס.

ווי נישטיק, אומוועדיק און קליין
ער הייכט איבער מענטשנס יסורים —
אין טורעם פון העלפאַנדבייין
באַהאַלט ער אַליין זיך פון שטורעם.

## דער גואל־הדם

דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון מײַן ברודער, דוד

מײַן האַרץ איז ביטער, ווי דער סם,
אין טרויער פֿאַלט מײַן קאָפּ אַרונטער.
אין רויך פֿון פֿײַער און פֿון פֿלאַם
זיך שפּרייטן הענט פֿון מײַנע ברידער.

גישטאָ אין וועלט נאָך אַזאַ פּײַן,
גישטאָ קיין מאָס דעם בראָך צו מעסטן.
ס'האָט אונדזער היים פֿאַרוויסט דער פֿײַנד
און ס'הייליקסטע אין אונדז געלעסטערט.

איך הער פֿון קדושים דאָס געשריי
אין פֿינצטערניש פֿון נאַכט אָן שטערן.
מײַן ברודער אײַלט אויף זייער ווײ,
באַפֿרײַונג טראָגט אין טאָל פֿון טרערן.

מײַן ברודער אײַלט, דער גואל־הדם,
זײַן גוף בליצט אויף און פֿאַלט אַנידער.
מײַן האַרץ איז ביטער, ווי דער סם,
געוויין צעטרייסלט מײַנע גלידער.

מײַן וואָרט, ווער ביטער, ווי פּאָלון,
מײַן צאַרטער לשון, שפּריץ מיט צאָרן.
ווי רויטער רויזן־קוסט אין זון
באַוואָקסן ווער מיט שאַרפן דאָרן.

און,ווי דער דאָרן, שטעך זיך אײַן
און נישט דערלאָז מ׳זאָל דיך פליקן.
און שנײַד אין יענעמס האַרץ זיך אײַן,
ווער ס׳וויל דײַן אויפגעברויז דערשטיקן.

שרײַ אויס, מײַן וואָרט, פון טיפן ווײ
אויף אומקום פון מײַן פאָלק אין פלאַמען.
און וועמען פרעמד ס׳איז דאָס געשריי,
זאָל אים דײַן ביטערקייט פאַרסמען.

## ווײַס ציגעלע

עס באָמבלט זיך אין קאָפּ אַ ליד,
עס פּלאָנטערט זיך אַ ניגון.
אַ קינד, אַ וויג, אַ ווײַסע ציג
פון עבר אויפגעשטיגן.

אַ ווײַסע ציג, און ראָזשינקעס
מיט מאַנדלען טוען פאַלן.
אַ חלום פון בראשית־וועלט,
פון ערשטע טריט און אַלף.

אַ ציגעלע פון קינדערלאַנד,
וואָס איז געגאַנגען האַנדלען.
אַוועקגעלאָזט זיך אין דער ווײַט,
גענומען זיך צום וואַנדלען.

און אָנגעטראָפן אויפן וועג
האָט ציגעלע אין גייען
פון קרייץ־צוגן די שווערד און שפּיז
און תּליות לאַנגע רייען.

פון אינקוויזיציע די צעל
מיט זשאַווערדיקע צוואַנגען,
פון ת״ח ות״ט די לאָמען, העק,
די פּרענטעס און די שטאַנגען.

און גאַז־קאַמערס פון ת״ש — תּש״ח
מיט קוימענס און מיט גראַטעס,
און קינדערישע שיכעלעך
אין אַש פון מאַמעס, טאַטעס.

און ס'ציט זיך אָט אַזוי דאָס ליד
מיט טרויעריקן ניגון.
עס האָט אַ ציגעלע אַ וויַים
אַ וויגעלע געוויגן.

## צו יעקב גלאַטשטיינס „אַ גוטע נאַכט, וועלט״

פּאָעט, נישט איַיל זיך מיט דײַן רוף „אַ גוטע נאַכט, וועלט״.
דאָס פֿאָלק אין פּיַין און צער דיַין מוטיק וואָרט לאָז הערן.
זאָג, ווי דער נביא זאָגט: עס וועט דער זון נישט שטערן
צו אויפגיין נאָך אַמאָל איבער דעם טאָל צעהעלט.

אין געטאָ־פינצטערניש נישט קלינגט מיט שטאָלץ דער טראָט,
רשעים פון דער וועלט אויף אירע שוועלן לויערן.
און שמות שימלדיקע רופן נאָר צו טרויערן,
און „איכה ישבה״ איז נישט אונדזער צײַטס געבאָט.

אַנטלויף־זשע נישט צוריק צו דלד־אמות אַלט,
צו קרומע געסלעך און געהויקערטן לאַמטערן.
אין חרם, חשוון און ביַי חלבדיקע שטערן
נאָר חשכות ווידמעט זיך און גאָר די וועלט צעפאַלט.

די וועלט, די גרויסע וועלט, איז אומענדלעך אָן ברעג.
און קומען וועט דער טאָג די מאַטערניש צו לינדן,
די פינצטערניש פון נאַכט אין העליש פיַיער צינדן
און אונדז דעם נײַעם זין באַווײַזן און דעם וועג.

דאָס איז דײַן טרייסט, פּאָעט: די רישעות גייט צו גרונד,
און ס׳וועט אַ לעבן נײַ אויף חורבות זײַן געבאָרן.
גיס אויס דיַין ביטערניש אין פלאַמען־רייד פול צאָרן
און מיטן גוטס פון וועלט פאַרשנײַד אַ נײַעם בונד.

1939

# אויף די פעלדער פון לובלין

א

הימל — צונטער־רויט.
ס'פאָרט אין פעלד אַ בויד,
ייִדן פאָרן קיין לובלין.
ווײ, ווי קומט מען צו אַהין?

מ'פאָרט מיט ווײַב און קינד,
טלית, תפילין־זאַק,
איבער ברייטן וועג
פון לובלינער טראַקט.

ייִדן אין דער בויד
טוליען זיך, ווי שאָף.
ס'לויערט די געפאַר
פון דער לעצטער שעה.

ב

אין דער בויד איז שטיל
פון דער שרעק פון נאַכט
און דעם האַקן־קרייץ
אויף דער פעלדער־פלאַך.

ייִדן אויסגעצערט
פון דעם לאַנגן וועג,
קינדער אָפּגעשוואַכט,
הענטלעך אויסגעשטרעקט.

געלע לאַטע שײַנט,
מגן־דוד העלט.
וואַרט ביז קומען וועט
גואל אויף דער וועלט.

וויפל איז דער שיעור?
ווי נאָך לאַנג געוואַרט?
גלויבן און געדולד
און דערנאָך — דער שכר.

ג

געלע לאַטע שײַנט,
מגן־דוד גליט.
פינצטער איז דער פײַנד,
שטורעמט אויפן ייִד.

ווילדער נאַצי־דײַטש
רײַט אַרום אויף פערד.
יונג און אַלט אין בויד
פון דער זאָרג באַשווערט.

אין דער מיטן נאַכט
וואַכט די חיה־רעה.
ס'לויערט די געפאַר
פון דער לעצטער שעה.

ד

האַקן־קרייץ זיך וויגט,
רויטע מאָרדע ברענט.
ביקס און לאַנגע בײַטש
אין פֿאַרשטײַפטע הענט.

ייִדן זיצן שטיל,
פּנימער, ווי קרײַד.
אויף צעהיצטע פֿערד
די געשטאַפּאָ רײַט.

תּהילים זאָגט דער ייִד:
„ואספר מעשה יה".
ס'לויערט די געפֿאַר
פֿון דער לעצטער שעה.

ה

האַקן־קרייץ זיך שטרעקט.
בויד — אַ תּפיסה־צעל.
געלע לאַטע שײַנט.
מגן־דוד העלט.

די געשטאַפּאָ רײַט
איבער פעלדער־פלאַך,
ייִדן־עדה יאָגט
אין דער מיטן נאַכט.

„יסור יסרני יה״ —
ס׳איז דער הימל רויט.
גיב נישט איבער אונדז
אין די הענט פון טויט.

ס׳ציט זיך לאַנג, אָן ענד
דער לובלינער וועג.
ס׳בלאָזט אַ ווינט און פײַפט,
קינד אין שויס זיך וועקט.

ו

ס'טרייסלט זיך די בויד,
אַלע זענען וואַך.
היט אונדז פון געפאַר
אין דער בייזער נאַכט.

בויד מיט יידן יאָגט.
די סכנה וואַקסט.
ווי נאָך וויַיט צו טאָג?
פנימער, ווי וואַקס.

פינצטער־שטאָק די נאַכט.
— שלאָף איַין, קינד, שלאָף.
קוק נישט אויף די לײַט,
ציטער נישט, מײַן שאָף.

ז

הינטער שטאָט-לובלין
גרוב איז צוגעגרייט.
אָן אַ מאָס די לענג,
אָן אַ מאָס די ברייט.

ווער צו גראָבן האָט
אָט די גרוב גענויט?
אין דער מיטן נאַכט,
אין געפּאַר פון טויט?

ס׳האָבן ייִדן-הענט
ברודער-גרוב געמאַכט,
די געשטאַפּאָ האָט
ווילד געשפּעט, געלאַכט.

ח

אָפּגעשטעלט די בויד
בײַ דער גרוב, בײַם ראַנד.
פינצטערע ערדן־שוים.
נאַצי־מערדער־האַנט.

אַלע ייִדן — אַרוים.
אויסגעשטעלט אין קרײַז.
אויגן קוקן שטום.
די געזיכטער — ווײַס.

ס'האָט די שוואַרצע ערד
אויפגעעפנט ס'מויל.
אונדזער רוף דערהער,
שמע ישראל.

ט

הימל פּלייצט מיט שײַן.
זון זיך שפּילט מיט בראַנד.
ווענד אין רחמים אָפּ
די געשטאָפּאָ־האַנט.

ס'רוישט אין ווײַט דער וואַלד,
ווינט זיך יאָגט אין פעלד.
וואַרט ביז קומען וועט
גואל אויף דער וועלט.

דינע ליפּן, שטײַף.
„מן המצר קראתי יה".
ס'לויערט די געפאַר
פון דער לעצטער שעה.

,

ענגער ווערט דער קרײַז.
„בשם יהוה כי אמילם״.
— ציטער נישט, מײַן קינד,
שטילער — שטילער — שטילער.

מאַמע שטייט מיט דיר,
טאַטע שטאַרקט דײַן מוט.
זאָג: איך שרעק זיך נישט
וואָס דער מענטש מיר טוט.

זאָג נאָך וואָרט בײַ וואָרט:
— אני מאמין, כ׳גלויב.
וועסט נישט לאָזן מיך
ווערן אַש און שטויב.

שטילער, שטילער, קינד,
האַלט דעם אָטעם אײַן.
זאָג: ס׳איז גאָט מיט מיר
קעגן גרעסטן פֿײַנד.

# שקיעה

אַלטקייט

זי שמעקט מיט זויערטייג, מיט זאַלבן און מיט שימל,
מיט חלב, טערפּענטין, פון נישט־דערשלאָפן נעכט,
און שלעפּט געהויקערט זיך אין טעגלעכן געווימל
און טשאַדעט פאַרן טויט מיט אַסטמע־הוסט און קרעכצט.

אַ שווערער גורל־שטיין ביַים אָנהייב פון נישט־ווערן,
אַ פיַינלעכער געפיל, ווען קערפּער ווערט פאַרוויסט —
און דאָ פאַרבליבן איז איין קליינטשיקער באַגערן:
אַ שמעק טאַבעקע און טון געשמאַק אַ ניס.

די אויערן פאַרשטאָפּט מיט בוימלדיקס און וויַיכעס,
אַרום דאָס לעבן הילכט, ווי טעמפּע קלעפּ אין וואַנט,
און אויגן טרערן אויף דעם אָנווער פון די כּוחות
און ס׳שפּילט אַ סאָלאָ אויס דער ברוסטקאַסטן: „אַנדאַנט!״

זיי וואַרטן אָנגעשטרענגטע באַשטענדיק אויף די קינדער,
וואָס האָבן זיי געלאָזט אויף דעם אייגענעם באַראַט.
און, ווי די שאָף פאַרלוירן, זיי טוליען זיך און בינדן
צו יעדן נאָנטן מענטשן, וואָס קומט צו זיי פון שטאָט.

זיי גלעטן פרעמדע האַנט מיט ציטעריקע פינגער
און קוקן אין די אויגן אַרײַן אַזוי געטרײַ,
ווי ס׳וואָלט זיי פון איעדן געוואָרן עפּעס גרינגער,
וואָס קומט צו זייער טיר צו, צי גייט זי נאָר פאַרבײַ.

די קינדער, אַך, די קינדער... ווי מאָדנע צו דער עלטער
זיי פילן שוין נישט מערער פון אייגן לײַב דעם בונד.
זיי זענען ווײַט דאָרט ערגעץ, אין אַנדערע גאָר וועלטן,
און אָפּגעשיידט, באַזונדער זיי האַלטן זיך אַצונד.

עס כריפּעט אויס די שעה דער זייגער, ווי אַ חולה,
און הוסט אויס זײַן טיק־טאַק אין שטילן הויז פון זקנים,
ווי ער וואָלט צוגעקילט זײַן ציטעריקע כּלי
און לאַנג פאַרלאָרן שוין דעם קלאַנג זײַנעם, דעם ריינעם.

אַ פּײַכטן וועטער קאָן ער גאָר נישט איבערטראָגן,
דער אַלטער דינער, ווי ער וואָלט אַליין אויך צאַנקען.
אים דאַכט זיך: עפּעס טוט זיך אָפּ מיט זײַנע וואָגן
און גאָר נישט גלאַט איז אין זײַן שפּילקאַסטן דעם קראַנקן.

ער לאָזט זיך הוידען קוים דעם לאַנגן פּערפּענדיקל
און שפּרייט די ווײַזערס אויס מיט מי, ווי אָרעמס שווערע.
ער האָט שוין נישט קיין קראַפט פון אייביקן זיך וויגן,
אָט באַלד, און ער פאַרשטומט ווערט גאָר אינגאַנצן ווערן.

עס ווײַנט דער גוף, דער אַלטער, מיט אויסגעקרימטער פּלייצע,
וואָס בייגט זיך, ווי אַ בויגן, פון לעבנס־שווערן יאָך,
און וויקלט זיך אין טלית, און וויל אין זײַנע קנייטשן
באַהאַלטן זיך, די חורבה, פון אונטערגאַנג און בראָך.

עס ציטערט שוואַכער קערפּער מיט אויסגעדאַרטע גלידער
און שלאָגט מיט קליינער פויסט זיך אין שמאָלער ברוסט: „על חטא" —
ווי קערט מען אום די צײַטן, ווען מען זאָל קאָנען ווידער
דערפילן פון אַמאָלן דעם ווייכן, צאַרטן גלעט?

אַך, ווער האָט נישט געזינדיקט דען אין די יונגע יאָרן,
און ווער דען טראַכט פון הונגער אין טעג פון לעבנס־זעט?
אַזוי באַקלאָגט זיך קערפּער, אַ הילפלאָזער, פאַרלאָרן,
און שלאָגט מיט קליינער פויסט אין דאַרער ברוסט: „על חטא".

אײַנגעבויגן, אײַנגעהויקערט,
אויסגעקרימט פון שווערע יאָרן,
ווי אַ בוים פון וואַלד געדיכטן
אויסגעריסן און פאַרלאָרן.

מיט אַ שטעקן פאַר אַ פירער
און אַ קײַלעכיקער פלייצע
וואַקלט זיך די אַלטקייט, שלײַכט זיך
און מיט שטאָק זיך האַלט אַן עצה:

— גיין אַהער, צי גיין אַהינצו?
דאָ איז שטרויכל, דאָרט — געפאַרן.
צייל די טריטעלעך געמאָסטן,
זיי פאַרפירן נישט און נאַרן.

שטעל די טריטעלעך פּאַמעלעך,
זיך נישט כאַפּן איז געזינטער.
אומעטום סכּנה לויערט
אויף דער עלטער, ווער גוטס גינט איר.

דאָ ריכט מען אָפּ תעניתים מיט תפילות און מיט ברכות,
ביז ס׳ביסל עולם־הזה האָט זיך נישט אָפּגעקערט,
און אַז דער וויַיטער נעכטן באַוואָקסן שוין מיט מאָך איז,
פאַרהאָפט מען, עולם־הבא וועט ד אָ ר ט ן זיַין באַשערט.

מען פאַסט איעדן תענית מיט גלויבן און כוונה,
מען מאַטערט און מען לייַטערט דעם קערפּער אָפּגעשוואַכט,
און נאָר די אויגן גלוסטן און בעטן, עפּעס מאָנען
און ברענען מיט אַ פלעמל, געדעמפטן פון דער נאַכט.

אַז ס׳קאָן נישט די נשמה פאַרטראָגן שוין קיין ביסן
און ס׳נעמט אַרום אַ ציטער און וואַרפט אַריַין אין קעלט,
איז טוט מען נאָכן תענית זיך ווינטשן צו געניסן,
בעת מען שטייט אַליין שוין אויף דער לעצטער שוועל.

אַ געדאַנק מיט אַ געדאַנק שלאָגט זיך אָן און ווערט פאַרלאָרן.
אַ געפיל מיט אַ געפיל פאָרט צונויף זיך מילד און ווילד.
ס'לויפן, פלאָנטערן זיך ליידיק אָפּגעלעבטע טעג און יאָרן,
און אין מיטן רײַסט זיך איבער, און ס'וואַקסט אויס מבולבל-בילד.

ס'ברענט, דער קראַנקער מוח צינדט זיך, פלאַקערט אויף
און ווערט פאַרלאָשן,
קנוילן קײַקלען זיך און וויקלען, שפּרייטן רויך פון טשאַדן דיק.
ס'וואַרגט אין האַלדז, קיין וואָרט נישט בינדט זיך, ס'שטאַרבט
דאָס האַרץ אָפּ אין חלשות,
און דער גוף זיך דרייט אין מאַטער, כאָטש אַליין זיך נעם דערשטיק.

אומזין, אומזין. שטותן שטויסן זיך באַשטענדיק אין דעם ריידן.
נישט געמינערט אויף אַ רגע ווערט די נאָגנדיקע פּײַן.
ווען אַמאָל דער סוף שוין קומען? ווען שוין אויפהערן דאָס לײַדן?
עובר-בטלדיקע עלטער, עובר-בטלדיקער זײַן.

ס'קומט אַהער דער טויט אָן אומעטיק, נישט גערן,
ווי גענענעץ וואָלט אויף עמעצנס אַ רוף.
וואָס קאָן דאָ שוין זײַן און וואָס קאָן דאָ שוין ווערן
פון אָן אָפּגעצערטן, פון אַ קראַנקן גוף?

אָפּגעשוואַכטע אברים ווילן זיך צעשיידן,
אָפּגעדינטע פיס שטייען מער נישט אײַן.
ס'ווערט אומהיימלעך-שווער פון כּסדרדיקן ליידן
און עס שוועבט דער קאָפּ אום צווישן זײַן, נישט זײַן.

ס'וויל דער קאָפּ זיך אָפּטון פונעם גוף דעם גולם,
פונעם גוף דעם קראַנקן, וואָס צעפּאַלט ווי ליים.
און ער זוכט אַ שאַרפן מעסער אויף צו קוילן,
ווי אַ בליץ אַ שנײַד טון, און אַוועק אַליין.

דאָ אויסגעקריצט איז פײַן אויף יעדן בלייכן פּנים
מיט שטומען צייכן, וואָס נישט אויסמײַדן וועט קיינעם.
און יעדער אײַנוווינער באַגלייבט איז, אַז ער קאָן אים,
דעם אויסלייזער, וואָס קומט אַהער, אין מושב זקנים.

ער האָט די טהרה־ברעט פאַרגרייט אין ווינקל שטילן,
ווי אַ דערמאָנונג פון דעם נאָנטן בית־הקברות,
און זיך אַוועקגעזעצט צו זאָגן הויך דעם תּהילים,
און — ס׳טראָגט אַ ניגון זיך, ווי פון אַ פרומען פּרוש.

און זקנים שלעפּן זיך מיט ווייכע שריט פון שטעקשיך
און ס׳שאָרכן ליפּן, ווי זיי וואָלטן רגעם ציילן.
און אין דער טויבער לופט אַן אַסטמע־הוסט דערוועקט זיך
און זיך פאַרגייט אין אַנמאַכט פון אַ שברי־כּלי.

ער קומט אַמאָל אַהערצו אין קלייד פון אָרעם-בחור,
וואָס האָט אַליין קיין ווינקל נישט אין דעם אַלטן הויז.
ער עסט דאָ „טעג" אין שטילקייט פון גרוייזן אינדערוואָכן
און קריגט אויך אַן „עליה" אין מושב-זקנימס קלויז.

„יעמוד החתן"... רופט אויף צו קריאה אים דער שמש,
און ער גייט צו און שטעלט זיך און מאַכט אַ ברכה הויך.
און ס'לייענט דער בעל-קורא מיט ווייכער שטים, ווי סאַמעט,
נאָר ער בלײַבט שטיין פאַרשטיינערט מיט פנים שטרענג און בלייך.

און, נאָך קריאת-התורה, ער קוקט אַרײַן אין סידור,
און גלעט זײַן באָרד און פיאות און וויגט זיך אַזוי פרום,
און — אַז אין מיטן דאַווענען אַ זקן פאַלט אַנידער,
זײַן פנים גיט זיך דעמאָלט אפילו נישט קיין קרום.

פאַרשטעלטערהייט, ער וואַלגערט זיך אין עק פון פּאָליש,
אין שטויב פון מושב-זקנימס גרוי-וואָכעדיקער שול.
ער איז דאָרט דורך   די נעכט אויף און הוסט אָפּ, ווי אַ חלוש,
און וואַרט אויף וואָס גערודולדיק און עפּעס אַזוי דול.

ער שפּאַנט אַרום אין אומרו אַליין אום האַלבער נאַכט דאָרט
און שטעלט זיך ביַי אַ שטענדער, ווי וואָלט געהערט אַ רוף,
און וואַקלט זיך אַ רגע, אין קלעם פון אומדערוואַרטן,
און גייט צום ארון-קודש און עפנט ברייט אים אויף.

עס צאַנקט אין הייך און וויגט זיך דאָס פלעמל פון נר-תמיד
און ס׳שפּרייטן לאַנגע שאָטנס אויף ווענט זיך אין דער קרום.
און, פּלוצעם, אין דער שטילקייט, ער לויפט גיך צו צום עמוד,
און ס׳ריַיסט די טויבע לופט אויף געוויין און ווילדער ברום.

זיצן, זיצן זקנות,
אײַנגעבויגן קעפּ,
נייען עפּעס, נייען
לויז, מיט האַלבע שטעפּ.

נייען, עפּעס נייען,
שפּרעכן שפּרוכן שטיל.
קיינער זאָל נישט דאַרפֿן,
ווי מען דאַרף זיי פּיל.

וויקלשנורן, העמדלעך
נייט מען פֿאַר אַ קינד.
נאָר תּכריכים, בענדלעך
נייען זיך געשווינד.

די תּכריכים נייט מען
לויז, מיט גיכע שטעפּ.
ווײַסע פּראָסטע קליידער
האַלטן זיך אָן קנעפּ.

ווײַסע פּראָסטע קליידער
בלאַנקען, ווי דער שניי.
מ׳זאָל זיי נישט באַדאַרפֿן,
ווי מען דאַרף שוין זיי.

ס׳איז פּראָסט דער טויט און אייביק, אייביק און פול סודות.
אַט האָט אַ מענטש געלעבט און, אַט, איז ער נישטאָ.
עס איז די קרוין פון לעבן די גראָע קייט פון ווידעס,
ביז ס׳קומט און שלאָגט די לעצטע, די סאַמע לעצטע שעה.

פון אָנהייב פולער זײַן און פולער זין, און גלויבן,
צו ענד — אַ תהום אַ טיפער, שטום און בלינד און טויב.
פון ערד און אַש און שטויב האָט זיך אַ מענטש דערהויבן —
און אַש מוז ווערן אַש, און שטויב זיך קערט צו שטויב.

... און, ווען ס׳קומט דער וואָגן און מען ברענגט די מיטה,
און מען לייגט אין ארון פּראָסט אַרײַן דעם מת,
קלײַבן זיך צונויף די אַלטע און געניטע,
וואַרטנדיקע, מידע היטער פון מעת-לעת.

איינציקווײַז מען גייט שטיל צו דעם אָפּגעזעגנען,
קיינער רעדט נישט, קיינעמס אויג איז נישט פאַרטרערט.
אַלע ווילן זיך בקרוב דאָרט באַגעגענען,
ס׳איז פאַר אַלע דאָך דער זעלבער וועג באַשערט.

שטיל עס רירט אין וועג אַרײַן זיך די לוויה.
די באַגלייטער מעסטן לעצטע קליינע טריט.
און איין קול נאָר רײַסט זיך עפּעס אויסצושרײַען
און אין שטומער לופט בלײַבט הענגען, ווי אַ שניט.

אין פראָסטיקן שניי אויפֿן באַרג־אַרויף
עס ווײַסן זיך טרעפּ אין דער הייך, אָן אַ סוף.

דער באַרג־שפּיץ אין נעפּל און שווער איז דער טראָט
אין קאַלטן זאַווײ און אין ווײַסן באַראָט.

דאָס בלויע געוועלב האָט אַ פֿאָרהאַנג פֿאַרשטעלט,
אין קיטל אין ווײַסן ליגט אונטן דאָס פֿעלד.

גינגאָלדענע שפּיזלעך צעבלענדן דעם שניי,
עס שטעכן די נאָדלען פֿון פראָסט און זאַווײ.

אין שנייִיקער חופּה שפּאַן דרייסט, זיך נישט שלעפּ,
עס פֿירן צום הימל אַרויף זילבער־טרעפּ.

די זילבערנע טרעפּ אין דער הייך, אָן אַ סוף,
אין פראָסטיקן שניי אויפֿן וועג באַרג־אַרויף.

קריך אוים אויף הארטן שטיין דיין גרויסן נאָמען, מענטש,
עס זאָלן אים פון צײַט נישט אָפּווישן די טריט.
דײַן אורגעביין אין מאַרגנליכט געבוירן, בענטש,
פון דער פאַרגעסנקייט עס איז דײַן גײַסט באַהיט.

ס׳פאַרטויבט דעם אויסגעשריי דער אייביקער געדראַנג,
נאָר ס׳ווערט נישט אַלץ פאַרבלייכט אין פּנים פון דעם טויט.
א שטיל געדעכעניש פאַרבלײַבט אין ריר און קלאַנג,
אין ציטער פון דעם וואָרט, וואָס איז דיר אָנגעטרויט.

# צעפּאַלענע רינגען

אַחרעמעלע מלמד

ווען אַוורעמעלע מלמד איז געקומען קיין אַמעריקע
און באַלד דערפילט, אַז ער איז אַרײַן אין אַ קלעם,
האָט ער גענומען זוכן אַ פּרנסה אַ געהעריקע
און אויסגעביטן דעם נאָמען אויף — מעדאַל אייבערעהעם.

און דערנאָך זיך פאַרענטפערט פאַר זײַן ווײַב שרהן,
ווען ער האָט מיט איר זיצנדיק געפּלאַפּלט אין קיך,
און זיך געגרייסט, אַז ער איז אויס גרינער געוואָרן,
און זי האָט געקוקט אויף זײַנע צעריסענע שיך...

אַוורעמעלע, — האָט זי געצויגן און אין זיך געשמייכלט, —
פאַר ווערן אוים מלמד קומט דיר נאָך נישט קיין מעדאַל...
צו פּרנסה איז נאָך ווײַט, און ווו איז דײַן שכל ?
דאָס בײַטן איז אפשר אַ סגולה, נאָר נאָך נישט קיין כּלל.

— וואָס רעדסט זי? וואָס מיינסט זי? — האָט ער איר אָפּגעענטפערט,
און בעת מעשה געריבן אויף זײַן שטערן די ברעם, —
מיט אַזאַ נאָמען פילט ער זיך שטאַרק, ווי אַ לעמפּערט,
ער הייסט דאָך איצט, ווי דער פרעזידענט : איי — ברע — העם.

זי האָט נישט ליב געהאַט דאָס באַרימערישע ריידן
און פון מע — דאַ — ל דעם פאַלשן קלאַנג און טאַראַראַם.
און ער, אַ צערודערטער, האָט געפּלוידערט כּסדר
און אָן אויפהער געפינטלט מיט די אויגן, ווי אַ תּם.

געקומען זענען זיי אַהערצו אָרעם,
דערגרייכט צו װאָלאָזשין נאָך אַ סך יסורים,
פֿון פּולער שיסל שפּע זאַט געװאָרן
און פֿרום געדאַנקט פֿאַר מתּיר זײַן אסורים.

פֿון פּעדלערס, הענדלערס אויסגעװאָקסן גבֿירים,
באַזעצט זיך ברייט אין שטעט צו נײַע עולן.
דאָרט הײַזער אויסגעבויט, צעעפֿנט טירן
און פֿענצטער צו דער זון אין טיפֿע טאָלן.

װאָס האָט זיי נאָך געפֿעלט? אין זייער חלום
עס האָט עניוות זיי נישט מער דערהויבן.
װען ס׳װערט דאָס הויז מיט רײַכקייט אָנגעשװאָלן
דער מענטש באַגערן נעמט מען זאָל אים לויבן,

אים זינגען שבֿחים, װי פֿאַר מעשׂים טובֿים,
זײַן נאָמען רימען, װי אַן „עוזר דלים".
ער האָט דאָך צוגעהאָלפֿן עפּעס קרובֿים
פֿון פֿולגעװאָרענע פּרנסה־קװאַלן.

מען זאָל דערמאָנען נאָך דעם נדבֿן גרויסן,
און עס נישט איבערלאָזן לעתיד לבֿוא,
אַז כּך וכך פֿון ריווח ער טיילט אויסעט,
און ס׳קומט דערפֿאַר אים אָנשטאָפּן מיט כּבֿוד.

דער שווער הייסט שרגא־פּייוויש, די שוויגער — שיינדל־פרומע,
די שנור — איר נאָמען פייגל אויף „בוירדי״ האָט פאַרגרינגערט.
ס׳איז דזשעק, איר מאַן, — אַ בריאה פון גאָר אַ נייַער תּקומה,
גאָר פון דעם ייִדיש־ייִחוס צעפּאַלן זיך די רינגען.

די אַלטע וווינען אונטן, און אויבן סקריפּען דילן
אין פייגלס, אָנגעשטאָפּטער מיט שווערן מעבל, וווינונג.
עס גייט אַרויף דער זיידע מיט אייניקלעך זיך שפּילן
און קנעלן מיט זיי ייִדיש, און — קריגט גלייַך די באַלוינונג.

— אַ „קיטי״ איז אַ קעצל, — און ווייכע ווערטער קומען
און צערטלען קליינעם אויער מיט קלאַנג פון ייִדיש־סוואַרבע*).
— דער שוועהר זאָל נאָר נישט טומלען, — שרייַט אויס די שנור באַנומען, —
עטץ וועט נאָך זאי די אָס׳שפּראַך פין ענ׳גליש פאַ׳דאַרבן.

*) עשרים וארבע — תורה.

די מלכּה־שבת — פֿאַרשפּעטיקטע כּלה,
זי קומט צו דער פּרײַטיקצונאַכטיקער שוועל.
עס ברענען די לײַכטער און שאָטנס צעפֿאַלן,
און ס׳וויגן זיך פֿלעמלעך שבתדיק־העל.

די ליכט האָט אַ האַנט אָן אַ ציטער געצונדן
און אָן שטילער תּפֿילה גייט אויף זייער שײַן.
עס בלײַבט שטיין די מלכּה פֿאַרשעמט און פֿאַרוווּנדערט,
זי קוקט אין די פֿענצטער און קומט נישט אַריין.

זי בלײַבט שטיין אין דרויסן, אַליין אונטער שטערן,
און טרעט נישט אַריבער די שטוביקע שוועל.
זי וויל דאָס געזאַנג „לכה דודי" דערהערן,
ווען ס׳ברענען די ליכט אַזוי שבתדיק־העל.

## פּערל און קרעלן

צו די געמישטע חתונות בײַ ייִדן אין אַמעריקע

די מאַמע האָט געוואָלט אַ שנירעלע פּערל
און דער זון האָט איר געבראַכט אַ בײַטשל קרעלן.
אוי, גאָר קרעלן.

די קרעלן שפּילן מיט אַלע פאַרבן,
אויף דער מאַמעס שטערן קנייטשן זיך קאַרבן.
אוי, זיך קאַרבן.

אַ שנירעלע פּערל פּאַסט צו גראָע האָר,
אויף דער מאַמען אַזאַ לעבן און אַזאַ יאָר.
אוי, אַזאַ יאָר.

וואָס אַ מאַמען קאָן זיך נאָך פאַרווּנטשן,
דעם זונס מתּנה זאָל איר געפעלן.
אוי, געפעלן.

אין אַטלאַס און זײַד זיך אויסגעקליידט,
אַ מאַמעס האַרץ וויל אַ ביסל פרייד.
אוי, אַ ביסל פרייד.

אַ גאַנץ לעבן געוואַרט אויף אַ שנירעלע פּערל,
און דער זון האָט איר געבראַכט אַ בײַטשל קרעלן.
אוי, אַ בײַטשל קרעלן.

פאַרגעסן שטייען שטיבער פאַרזונקענע אין שװײַגן,
װען קינדער פון די היימען אַרויס זיך נעמען ציִען.
פון אינעװייניק יורדיש עס אָטעמט שװער די דאגה
און ס'שלײַכן שליננ און שלאַנג זיך די שאָטנס אין דער שקיעה.

די ליידיקייט אין פענצטער בלינצט שטומערהייט צום דרויסן
און שפּיגלט אָפּ אין גלאָז דעם נאַקעט פון די זאַלן.
אָט ערשט האָט דאָ געררושט זיך פון שטיפערישן ברויזן
און מיטאַמאָל געװאָרן איז שטיל נאָך די געשאַלן.

געענדיקט זיך דער יומטוב, עס איז אַװעק די יוגנט,
די שטאָם-געסט און די סתם-געסט, די פרײלעכע און העלע.
און מיט אַ גרויסער בענקשאַפט געטרײַע אויגן לוגן
נאָך שפורן אויסגעלאָשן אין אויפגעראַמטן עלנט.

קלייניקע מענטשעלעך
מיט קליינע השגהלעך
ווידמענען זיך אינעם לאַנד.
ס׳טאַנצן אין קרענצעלעך
קאַרליקלעך, נאָגעלעך,
היטער פון ווויל און פון שטאַנד.

קלייניקע מענטשעלעך
מיט קליינע השגהלעך
האַנדלען אַ גאַנצן מעת־לעת.
נייען זיך שפּענצערלעך,
זופּן פון לאָגעלעך,
לעבן, ווי גאָט אין אָדעם.

קלייניקע מענטשעלעך
מיט קליינע השגהלעך
ציילן געדאַנקעלעך אוים.
טראָגן אום בענטשערלעך,
זאָגן זיך זאָגעלעך,
גרוים, ווי אַ פלוי איז די גרוים.

קלייניקע מענטשעלעך
מיט קליינע השגהלעך
פאָרזיכטיק שטעלן די טריט.
גייען, ווי גענדזעלעך,
שטאָפּן די מאָגנדלעך,
גאָט זיי באַשיץ און באַהיט.

קליינינקע מענטשעלעך
מיט קליינע השׂגהלעך
מאַכן זיך געטעלעך רק.
קליינע, ווי ווענצעלעך,
שרעטעלעך. נאָגעלעך,
שנת תשי״ג, לפ״ק.

## צײַט-שפּיל

צײַט־שפּיל

אַזוי פיל אומבײַטן געזען שוין
און שפּיל פון צײַט אין „אום" צי „גראַד",
אַזוי פיל מענטשן און אוממענטשן
אין שווונג פון לעבנס-קאַראַהאַד.

געלאַף — אויף ביז דעם קאָפּ צו שפּאַלטן,
נאָך חיי-שעה דאָס ווילד-געיעג,
און קיינער וויל זיך נישט פאַרהאַלטן
אויף גלײַכן, צי אויף קרומען וועג.

און ס'דרייט אַזוי זיך אָן אַן אויפהער
די ראָד מיט אימפּעט און געברום.
און ס'שווינדלען פּנימער פון לויפער
פון „אום" צו „גראַד" און „גראַד" צו „אום".

נישטאָ אונטער דער זון קיין נײַעס,
קהלת האָט אַמאָל געזאָגט.
און איך — איך זוך נאָך נישט קיין ראיות
און בין מקבל יעדן טאָג.

און ווען די צײַט מיך נישט פאַרטיילן
און שענקען מיר פון איר גענאָד,
וועל אויך איך האָבן צו דערציילן
פון אייביקייט דעם סוד.

קו־קו

יִיאוש, עצבות, אַלע ספקות
וואַרף אַוועק און שטעל אַ תיקו.

אַלע קשיות און פֿאַרוואָסן
וועט פֿאַרענטפֿערן דער עתיד.

ווי דער ים־גרונט פֿול מיט פּערל,
ווי דער הימל פֿול מיט שטערן,

טוט די צוקונפֿט שימערירן
אין דער ווײַט מיט אַל־קאָלירן.

ווי פֿון אַ קינד איז ליב איר שמייכל,
ווי באַגינען ראָזער רויכל.

גוט איז אין איר פּנים קוקן,
אויף דײַן קשיא — הערן: קו־קו.

וואָס איז דעם מענטשנס לעבן
אין צײַט און אין דעם רוים?
פון אייביקייט אַ טראָפּן
אין שטענדיקן באַוועגן.

אַ האַלבן קרײַז אַדורכגעקרײַזט
אין שנעל־געלויף פון טרוים,
און נאָך אַ העלפט בלײַבט איבער
צו חלומען און וועגן.

## אַ רמז

אַ לעבן לאַנג געזוכט דעם אמת
און געפֿונען נאָר אַ רמז,
נאָר אַ שפּליטער, אַ דערמאַנונג,
פֿון דעם אמת נאָר די אַנונג.

כ׳האָב געזאָגט מײַן „מודה אני״
יעדן טאָג פֿון מײַנע טעג.
אָן תּרעומות און אָן טענות
וועל פֿאַרענדיקן מײַן וועג.

שטיל וועט זײַן מײַן לעצטער ווידוי,
ווי מײַן תּפֿילה איז געווען,
ווען אַראָפּ וועל פֿון יאַריד איך,
ווי ס׳וואָלט גאָרנישט נישט געשען.

## אָן טענות

שטיל, אָן טענות און באַשיידן
פון דעם ערדישן יאַריד
וועל איך, ווען באַשערט, זיך שיידן
מיט מײַן לעצטן טרוים און ליד.

כ׳וועל אַוועק, ווי נישט געווען דאָ —
כ׳ווייס, ס׳וועט בלײַבן נאָר אַ קלאַנג
פון מײַן קערן זיך און ווענדן,
פון מײַן ייִדישן געזאַנג.

סימנים, צירופים און צייכנס,
צעזייטע אויף וועגן אין שפּאַנען —
דערמאָנונג פון דראַנג צו דערגרייכן,
פון חלום דעם ווײַטן די אַנונג.

עס האָבן די פיס מײַנע געטראָטן
אָט־דאָ און אָט־דאָרט פון לאַנגאַנען.
אין שײַן פון דער זון און אין שאָטן,
דורך נעכט און אין ליכט פון לבֿנה.

דורך וועלדערשער טיף זיך געבראָכן,
דורך זאַמדן פון מדבר און לעכער,
געקלעטערט אויף בערג אין די מאָכן
און נאָכגעיאָגט אייגענעם עכאָ.

„אַ־האָ!" — אויפן קול האָב געשריגן,
„א־ח־ד!" — און צו אים האָב געווענדט זיך,
און ס'האָט זיך דער אייביקער ניגון
אין אומבײַט פון צײַט נישט געענדערט.

און שטענדיק אין וועג זיך געקליבן
אין דראַנג צו דערגיין און דערגרייכן,
און ס'זענען צעזייטע געבליבן
סימנים, צירופים און צייכנס.

# אין מיטן וועג

(סאָנעטן־רינג)

א

עס איז דער שריט געמאַכט. הייב אָן מיט פרייִדיקייט,
ווי פרילינג, וואָס מיט ווינטער ראַנגלט זיך פאַרעקשנט.
עס פרעסטלט נאָך און שנייט, ווו עס וועט דאַרפן וואַקסן,
און, זע — שוין פליסט און פלייצט פון ערשטן שטאַרקן בייט.

אויף פליגלען קומט דער ווינט פון דרומדיקער וויַיט
און טראָגט אין פאָלעם זריעה פאַר די נײַע פלאַקסן.
און פרישע פרילינג־גרוסן נאָך רעגנדיקע שלאַקסן
עס נעמט דער פויער אָפּ אין פעלד פון יעדער זײַט.

דאָס איז דער לעבנס־גאַנג, פון וועמען צוגעטראַכט?
ווער האָט אים מיט פירקאַנטיקע פאַרשריבן אותיות?
ווי ס׳אַנדערשט זיך די צײַט און טאָג איז גובר נאַכט,
אַזוי וואַקסט ווידער אויס דער אייביקער בראשית.

ווער ס׳רעדט דעם „אלף" אויס, וועט ענדיקן מיט „תיו".
עס האָט אין לעבן אַלץ זײַן אָנהייב און זײַן סוף.

ב

עס האָט אין לעבן אַלץ זײַן אָנהייב און זײַן סוף,
און נאָר דער חכם איז דערפֿון זיך נישט מייאש.
דער שׂכל לערנט אים: נישט זײַ דײַן מין מבייש,
און ס׳זאָגט צו אים דאָס האַרץ: אויף לאַנגע יאָרן האָף.

דער פֿרילינג האָט זײַן בעז, דער זומער — זײַן שם־טוב,
און קינדער שפּרינגען אום אין פֿריילעכע חבריות.
עס ציט דעם מענטש אַהין, וווּ לעבעדיק און פֿרײַ איז
און וווּ עס איז די שיינקייט אויסגעשפּרייט לרוב.

דאָס איז דער שטאָט־געזעץ, וואָס גרייכט אין אייביקייט.
עס איז קיין קראַפֿט נישטאָ, וואָס זאָל אים קאָנען טוישן.
מיט אַלץ און אַלעם קומט אַ שינוי פֿאַר, נאָר צײַט
איז אומפֿאַרענדערלעך אין שטילקייט און גערוישן.

אַן עדות איז דער מענטש ביז סוף פֿון זײַנע טעג,
קיין אַנדער ברירה בלײַבט פֿאַר אים נישט אין זײַן וועג.

ג

קיין אַנדער ברירה בלײַבט פאַר אים נישט אין זײַן וועג,
עס העלפט נישט דער קאַפּריז און אויך נישט די עקשנות.
פאַרשטיין עס נעמט דער מענטש דעם זינען פון סבלנות,
ערשט ווען מיט יאָרן זאָט ער ווערט און מיט געיעג.

דער יוגנט אומבאַקאַנט געדולד איז, ווי די שרעק,
זי גורט זיך אָן מיט מוט צו בײַקומען סכּנות,
זי אײַלט אָן אויפהער זיך און גרייט איז אויף קרבנות,
און נאָר ווען שטורעמט אוים זיך, גייט דער ברען אַוועק.

עס איז די יוגנט שיין און אין איר דרייסטקייט — גרוים,
און פאַר דעם לעבן איז אַ בענטשונג זי און צירונג.
זי צינדט זיך אָן געשווינד און פײַערט גיך זיך אוים.
דאָס איז איר גײַסט און גוסט, איר האַפטיקייט און בחירה.

דער יוגנט־דרייסטקייט צאָל מיט ליבגעזאַנגען אָפּ.
די רײַפע עלטער דאַרף באַשטענדיק האַלטן קאָפּ.

ד

די רײַפֿע עלטער דאַרף באַשטענדיק האַלטן קאָפּ
און נישט פֿאַרשיכּורט ווערן פֿון אַן אײַנפֿאַל גלאַטן.
אַ יונגן לאָשעקל ווערט ס׳לויפֿן נישט פֿאַרשאַטן,
ווען ער אויף לאַנגע פּים צעלאָזט זיך אין גאַלאָפּ.

מיט אַלט איז אַנדערש. אין פֿאַרשפּעטיקטן האָפּ־האָפּ
זי שטעלט זיך אוים צו שפּאָט און ווערט גיך אויסגעמאַטערט.
די רײַפֿקייט רעדט באַדאַכט און כּוחות נישט צעפּטערט.
נאָר בלויזע פּלאַפּלעריי עם האַלט נישט גאָרנישט אָפּ.

עס איז דאָס וואָרט אַ טויב, וואָס פֿליט געהיט אַרוים,
און שטילע פּלאַטערניש עס טוט דאָס אויג פֿאַרכאַפּן.
דער יוגנטם לעבן איז אין אויפֿגעשוים און ברויז,
זי נעמט דעם אייגן ווערט ערשט אויסשפּירן און טאַפּן.

עס זאָל פֿאַרפֿרעמדט נישט ווערן פֿון זײַן וואָרעם שוים,
דאָס וואָרט אין איבערטראַכט לאָז אָפּגעהיט אַרוים.

ה

דאָס וואָרט אין איבערטראַכט לאָז אָפּגעהיט אַרויס,
פון גרויס ישוב-הדעת אַ טובה קאָן נאָר קומען.
מיט ברוכשטיינער פאַרזייט עס איז דער וועג צו תקומה,
אויף יעדן שטעל פון פוס איז גרייט צוריק אַ שטויס.

אין זוכן שטענדיקן עס וואַקסט דער מענטש שטאַרק אויס
און אַלע שטערונגען באַמיט זיך בייַצוקומען.
עס קאָן נישט מעסטן יענעמס גענג און וועגן קרומע,
ווער ס'פירט קיין יושר נישט אַרייַן אין אייגן הויז.

אויף שאַרפן וועג-צעשייד, צווישן גוטס און שלעכטס,
דאָס וואָרט קאַפּאַבל איז נאָך דעם געדאַנק פאַרלענדן.
ווער קיין מאָל נישט צום אמת האָט פון וואָרט געלעכצט,
דער ווייסט נישט ווו, פאַרוואָר, צו קערן זיך און ווענדן.

דער מיין איז אין דעם תוך, ווי ס'דאַרף זייַן תוך אין מיין.
דעם אמת, וואָס אין דיר, זיך לערן צו דערגיין.

ז

דעם אמת, וואָס אין דיר, זיך לערן צו דערגיין,
ער זאָל נישט בלײַבן פרעמד און סודותדיק פֿאַרשלאָסן.
ער איז דער ענטפֿער אויף אומצאָליקע פֿאַרוואָסן
און מונטערט אויף ס׳געמיט צומאָל אויך דורך געוויין.

עס איז דאָס האַרץ אַ תּהום, וואָס שווער איז צו פֿאַרשטיין,
עס וואַכט אין טיף פֿון אים אַ לעבעדיקער לשון.
די אומפֿאַרשטענדלעכקייט איז גולמדיק צעפֿלאָסן
און ס׳העלפֿט איר נישט אַרויס פֿון רייד־פֿאַרפּלייץ דער חן.

ווען, אָבער, אין זײַן רו עס ווערט דער תּהום געשטערט,
רײַסט אויף זיך, ווי אַ בליץ, די פֿינצטערניש מיט פֿײַער.
אַזוי אין לײַטערונג דאָס וואָרט געבוירן ווערט
און דורכשטראַלן עס נעמט די וואָר כּהרף־עין.

דאָס וואָרט געלײַטערטע צו אויפֿנעמען זײַ גרייט,
עס לעבט אין טיף פֿון דיר די גאַרונג נאָך דער פֿרייד.

ז

עס לעבט אין טיף פון דיר די גאַרונג נאָך דער פרייד,
וואָס ווערט ביז לעצטן פונק נישט קיין מאָל אויסגעלאָשן.
די האָפענונג צו זען פון נאָענט די יבשה
עס טליִעט ערגעץ־ווו אין מיט־ים שטילערהייט.

די זון אין פײַערדיקער ראָד צעפלאַקערט גייט,
נאָך איר די שאָטנס שטרעקן אויס פון לענג די מאָסן.
פון אַלטן שטייגער ווערט דער נײַער אויסגעגאָסן,
און האַרטער קערן יונגע שפּראָצונג האַלט פאַרגרייט.

געבענטשט פון זון איז אַלץ, וואָס פרוכפּערט זיך און מערט,
דאָס גראָז, דער בוים, דער מענטש, און — ביז דעם קלענסטן וואָרעם.
ס׳ווערט ווייכער דאָס געמיט פון פאַרגעפיל גענערט
און ס׳שטראָמט אַרוים די פרייד, ווי שאַל פון פאַסטעך־האָרן.

דאָס לעבן צו באַזונען צו דײַן חוב געהערט.
נישט ווי אַ גאַסט צו זײַן געקומען ביסט אויף ערד.

ח

נישט ווי אַ גאַסט צו זײַן געקומען ביסט אויף ערד,
נאָר גיין דורך שטויב און זאַמדן צו די ווײַטע שטערן,
און אין די מדברדיקע וואַנדערונגען ווערן,
ערשט ווערן, וואָס אין אָנהייב האָסט אַליין באַגערט.

דאָס איז אַ לאַנגער וועג, געשלענגלט און צעשטערט,
עס שטרויכלען זיך די פיס און טריט זיך שטעלן שווערע.
דער מענטש אין איינזײַנקייט איז עלול ספקות מערן
און האָט נישט אין אַ נויט פון וועמען זײַן געהערט.

עס איז אַזוי, אַזוי, פון לאַנג אָן, פון גאָר לאַנג,
קיין שטייגער אַנדערער נישטאָ פאַר דער אַליינקייט.
אין וויסט פון מדבר פאַלט דאָס וואָרט אָן ווידערקלאַנג,
און אין התבודדות איז בלויז איין אויסקלײַב — שטרענגקייט.

אָט די דערקענטעניש פאַרשרײַב און פאַרגעדענק.
אין מיט וועג צו די שטערן קאָן נישט זײַן דיר ענג.

ט

אין מיט וועג צו די שטערן קאָן נישט זײַן דיר ענג.
ס'איז אָנגעווענדט דער גאַנג צו אייגענער באַפרײַונג.
ביסט אָנגעקומען דורך דעם ים־סוף צו געדײַען
און נישט געוואָרן פון דײַן ברעג אַראָפּגעשווענקט.

ווי ס'וואַקסט דער בוים אַרויס פון גראָזיקן געדרענג,
אַזוי שטײַגט מענטש אַרויף און טראָגט צו זײַן צושטײַער.
צו ווערן פרײַ הייסט האָבן ווילן אומגעהײַער,
אין זיך פאַרגלייבט צו זײַן, אַליין צו זיך זײַן שטרענג.

וואָס נעענטער די שטערן־שײַן — קיין שפור פון שטער,
אוים שיידוועגן, מחיצות צום לעתיד־לבוא.
באַלד ענדיקט זיך דער וועג, נישטאָ קיין זאָרגן מער,
נאָך מדבר־וואַנדערונג עס קומט אָן די מרכּבה.

דערפילן וועסט לסוף, וואָס הייסט צו זײַן באַפרײַט,
דערוויסן זיך דעם תוך, דערגיין צו זײַן באַטײַט.

י

דערווייסן זיך דעם תּוך, דערגיין צו זײַן באַטײַט,
אַז ביסט אויף ערד געקומען נאָר אַ צײַט צו ווײַלן,
דערגרייכן אין דײַן ציל אַלץ מער און מער למעלה
און גיין דערנאָך אַהין, אַהין, גאָר ווײַט, גאָר ווײַט.

דאָרט, וווּ די פֿאַווע אויף די זילבער־וואָלקנס רײַט,
וווּ ס׳פֿירט פֿון פּרוזדור צו דעם גלאַנץ פֿון הויכע זײַלן,
דאָרט, וווּ פֿאַרענטפֿערט זענען אַלע האַרבע שאלות
און שטילקייט הערשט און רו פֿון סוד פֿון אייביקייט.

צי ווילסט, צי נישט — עס האַלט בײַם אָנהייב פֿון דעם סוף.
ביסט דורכגעגאַנגען שטעט, מיט מענטשן זיך באַגעגנט.
מיט זון נאָך אַלץ נישט אָנגעזעטיקט, זאָג: כּי טוב.
ס׳איז נאָענט שוין דער ברעג, וואָס ליגט פֿון דיר אַנטקעגן.

ס׳איז גוט, וואָס האָסט אַ סך געטראַכט, געפֿילט, געלעבט
און אין דעם גרויס־געוועב דײַן פֿאַרב אַרײַנגעוועבט.

יא

און אין דעם גרויס-געוועב דײַן פֿאַרב אַרײַנגעוועבט.
וואָס קאָן דען דער בן-אדם מערער נאָך פֿאַרלאַנגען?
נישט צו פֿאַרגעסן זײַן, אַז איז דאָ דורכגעגאַנגען,
און וויסן, ס׳וועט זײַן גײַסט נישט ווערן אויסגעוועפּט.

נישט ווי אַן אָדלער גרינג אין הייך דער מענטש עס שוועבט.
ס׳איז צווישן וואָר און טרוים זײַן בחירה אויפֿגעהאַנגען.
ער גייט אום אויף משקולת, ווי אין צירק אויף שטאַנגען,
אָט פֿאַלט ער, און שוין שטײַגט און ווערט נישט אויסגעשעפּט.

ער הייכט אַליין אין לופֿט, ער וויגט זיך אומגעשטערט,
פֿון איבערקראַפֿט באַהערשט, עס וואַקסט אוים זײַן באַגערן.
אָט נאָך אַ וויג און נאָך, און ער פֿאַרלאָזט די ערד,
און באַלד אַ תּושב וועט ער ווערן צווישן שטערן.

זײַן בליק פֿון לאַנג איז צו דעם הימל צוגעשמידט.
אין ווײַטקייט, צום אין-סוף עס ציט דעם מענטש און ציט.

יב

אין ווײַטקייט, צום אין־סוף עס ציט דעם מענטש און ציט.
פון וואַנען איז געקומען, אַהין צוריק וויל גרייכן.
נישט מזל פון דעם טאָג, נאָר דוויערדיקע הייכן
און שײַן אים רופן, און ער שטרעבט צו זייער מיט.

עס וואַרפט אַרײַן אין שרעק די מורא פון פאַרשניט
און ס'יאָמערט אוים דער מענטש פון יעדן אָפּשטאַרב־צייכן.
נאָר בלויז פון דעם געדאַנק, אַז וועט אַ מאָל זײַן זוכה
גענענען צו דעם ליכט, ווערט רויק זײַן געמיט.

דער מענטש איז, ווי אַ קינד, פאַרנומען מיט זײַן שפּיל.
ער בויט אויף טורעמס, ווי ער וואָלט געקײַקלט רייפן.
נאָר, ווען עס שטעלט זיך אָפּ זײַן שווונג, ווי שפּרונג פון גריל,
דערשרעקט ער זיך און וויל פון זיך אַליין אַנטלויפן.

אין שטענדיקן געלויף עס לעבט זיך אוים דאָס קינד.
נישט אַנדערש איז דער מענטש, וואָס יאָגט זיך ווי דער ווינט.

יג

נישט אַנדערש איז דער מענטש, וואָס יאָגט זיך ווי דער ווינט,
ער ווערט, אָבער, פון גלײַכן וועג אַראָפּגעשלאָגן.
אין קרײַז אַנסופיקן די זון נאָר טוט זיך טראָגן,
און אַלץ אויף ערד איז צײַטווײַליק און עס פאַרשווינדט.

אַ, וואָס־זשע קלאָגט דער מענטש? די שפּינראָד שפּינט געשווינד,
און ערגעץ אין דער הייך צעהאַנגען זענען וואָגן.
אויף זיי געוויגן ווערט אין שקיעה און אין טאָגן
דער פּלוס און אָפּפּלוס, הייב און פאַל, דער לעש און צינד.

אַ שטויב איז נאָר אַ שטויב, וואָס אין דער לופט זיך דרייט,
אַ זעמדל בײַ דעם ים ווערט אָפּגעוואַשט פון כוואַליעס.
און ס'מאָנט דאָס שטויבעלע קיין חשבון נישט פאַרגרייט,
און ס'מאַכט דאָס זעמדעלע אין אָפּגאַנג נישט קיין יעלות.

די שטים, אין טיף פון דיר, מיט צוטרויען פאַרנעם.
דעם קול דממה דקה מיט אַ יאָמער נישט פאַרשעם.

יד

דעם קול דממה דקה מיט אַ יאָמער נישט פֿאַרשעם.
וואָס זײַן וועט, ווען אויף שטערן ווערסט נישט וועלן גאַפֿן?
ביסט נאָר אַ קליינער טייל פֿון אַלץ, וואָס איז באַשאַפֿן,
און נישט בלויז דו אַליין געפֿינסט זיך אין אַ קלעם.

געענדיקט איז דער וועג, באַרויִק זיך און נעם
פֿאַר זיך אַליין אַ חשבון מאַכן אין די טראַפּן.
ביסט צוגעקומען צו אַ שטילן ברעג און האָפֿן,
הייב אויף דעם קאָפּ, גלעט אוים די קנייטשן איבער ברעם.

און ווענד די בליקן דײַנע איצט אַהין, אַהין,
ווו צווישן ערד און הימל פּלייצט מיט שײַן מיט בלויער.
פֿון יענער זײַט פֿאַראַן איז נײַער זײַן און זין,
און אונטער שטערן איז צעעפֿנט ברייטער טויער.

געזעגן זיך צו אים און שטײַג אַרויף, אַרויף.
ווער ס׳הייבט מיט „אלף״ אָן, פֿאַרענדיקט מיטן „תיו״.

# קורצע ביאָגראַפיעס

**אַלקאַבעץ, שלמה בן משה הלוי** — געב. אין 2־טן יאָרצענט. פון 16־טן יאָרה. (אָרט און גענויע דאַטע נישט באַקאַנט). באַרימטער מחבר פון פּיוט „לכה דודי״. וואָס מען זאָגט צו קבלת שבת איבער דער גאַנצער יידישער וועלט. אויסער דעם אָנ־געשריבן אויך אַנדערע לידער און פּיוטים. אַ טייל פון זיי זענען אַריין אין די ספרדישע מחזורים און אַ טייל געבליבן אין כתב־יד. פאַרפאַסט אַ באַדייטנדיקע צאָל מיסטישע ווערק, וואָס זענען אויך געבליבן נישט געדרוקט. אין זיין פריסטער יוגנט מחבר געווען דעם ספר „מנות הלוי״ (געשריבן אין 1529, געדרוקט צום ערשטן מאָל אין ווענעציע, 1545), ווו ער ווייזט אַרויס גרויסע ידיעות אין תלמוד און רבנישער ליטעראַטור, אויך בקיאות אין יידישער פילאָזאָפיע פון מיטלאַלטער. זיין וועלט־באַנעם ווערט איבערגעגעבן אין זיין ספר „אילת אהבים״ (1552). נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער, נאָך 1590 אין צפת.

**דע־ווידאַש, אליהו בן משה** — געב. לערך 1550 אין צפת. תלמיד פון רבי משה קאָרדאָווירע און אויך פון רבי יצחק לוריא. מחבר פון ספר „ראשית חכמה״, וואָס ער האָט פאַרענדיקט שרייבן י״ח אדר, 1575. געדרוקט צום ערשטן מאָל אין ווענעציע, 1578, און דערנאָך אַ סך מאָל, אויך מיט יידישער איבערזעצונג. אַרום אליהו בן משה דע־ווידאַש איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע ליטעראַטור. עס האָבן וועגן אים געשריבן אַזעלכע פאָרשער, ווי שמואל־יוסף פין, ישראל צינבערג, די ביבליאָגראַפן פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, פּראָפ׳ משה שטיינשניידער און י. פּירטש. „ראשית חכמה״ איז אַ מוסר־ספר, געטיילט אין פינף חלקים („שערים״) : יראה, אהבה, תשובה, קדושה, ענוה (הכנעה). דע־ווידאַשס ספר איז איבערגעזעצט געוואָרן אין שפּאַניש און דער העברעישער טעקסט איז געדרוקט געוואָרן אין אונדזערע אַמאָליקע גרויסע דרוק־קערייען פון אַמסטערדאַם, פּראַג, קראָקע און קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מען האָט אפילו אַרויסגעגעבן קיצורים פון דעם ספר, כדי עס זאָל געלייענט און געלערנט ווערן. אליהו דע־ווידאַש האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם פּוילישן יידנטום און אונטערגענומען אַ נסיעה אין די גרויסע יידיש־פּוילישע צענטערן. ס׳איז נישט פאַרבליבן קיין שום דאָקומענט פון זיין רייזע און איינדרוקן. מען ווייסט נאָר, אַז ער איז אין פּוילן נישט

פאַרבליבן. ער איז צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל און נפטר געוואָרן אין חברון, 1588. (יוסף מילנער — „ציוניסטישע שטימע", פּאַריז, 13 נאָוו. 1953).

**וויטאַל, חיים בן יוסף** — געב. 1543 אין איטאַליע, געקומען אַלס ייִנגל מיט זײַנע עלטערן קיין צפת. תּלמיד פון רבי משה אַלשיך אין ניגלה און פון רבי יצחק לוריא (אר"י) אין קבלה. האָט אָנגעשריבן זײַן אויטאָביאָגראַפיע אונטערן נאָמען „ספר החזיונות", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אַ סך מאָל מיטן נאָמען „שבחי ר' חיים וויטאַל". חיים וויטאַל איז געווען דער תּלמיד מובהק פון אר"י און האָט אין זײַנע ספרים אַנטוויקלט די שיטה פון זײַן רבי. זײַן הויפּט־ספר איז דער „ספר עץ־חיים", וווּ ס'ווערט געבראַכט די שיטה פון אַר"י און ס'ווערן געמאַכט פּירושים אויפן זוהר. חוץ די אָפּגעדרוקטע ספרים זענען געבליבן אַ סך כּתבים פון חיים וויטאַל, וואָס זענען נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. נפטר געוואָרן אין דמשק, 1620.

**לוריא אשכּנזי, יצחק בן שלמה** — דער אר"י (אשכּנזי, רב יצחק און אדוננו רב יצחק) הקדוש — געב. 1534 (רצ"ד) אין ירושלים. באַרימטער מקובל, פּאָטער פון דער קבלה מעשית — פּראַקטישער קבלה. זײַן שיטה האָט פאַרשריבן זײַן הויפּט־תּלמיד, חיים וויטאַל, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט דעם רבינס לערע אין ספר „עץ חיים", ווי אויך אין: „שמונה שערים", „דרך אמת", „כּוונות האר"י ז"ל" און „מעיין החכמה". עס איז אויך דערשינען אַ ספר „שבחי האר"י" מיט וווּנדער־סיפּורים וועגן זײַן לעבן און התגלות. דער אר"י האָט מחבר געווען פּירושים אויף די שווערסטע שטעלן פון זוהר אין „כּתבי האר"י", וואָס ווערן דערמאָנט דורך די מקובלים (דער ספר געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, לויט דער ידיעה פון גרשם שלום). דער אר"י האָט אויך פאַרפאַסט פּיוטים — שבתדיקע זמירות: „אזמר בשבחין", „אסדר לסעודתא" און „בני היכלא", מיסטישע הימנען אין אַראַמיש, וואָס זענען אַרײַנגענומען געוואָרן אין סידורים נוסח־ספרד. דער אר"י האָט געלערנט קבלה מיט די אָנגעזעענסטע חברים און תּלמידים, ווי חיים וויטאַל, אליהו דע־ווידאַש, שלמה אַלקאַבעץ און אַ סך אַנדערע. נפטר געוואָרן ה' אב, של"ב (1572) אין צפת.

**מולכו, שלמה** — געב. אין ליסאַבאָן, פּאָרטוגאַל, לערך 1500, פון עלטערן אנוסים, געהייסן דיעגאָ פּירעס. נאָך דער אויפטרעטונג פון דוד הראובני אין ליסאַבאָן (1525) מיט דער בשורה פון גאולה, זיך מגייר געווען און אָנגענומען דעם נאָמען שלמה מולכו. פאַרגעלייגט ראובנין זײַן הילף, נאָר יענער האָט זי צוריקגעוויזן, מחמת מולכו איז געווען זײַן אָנגעזעענער מאַראַן. אויף ראובניס עצה אָפּגעפאָרן קיין סאַלאָניקי, טערקײַ. דאָרט געלערנט קבלה בײַ רבי יוסף טייבאַק. אין אַדריאַנאָפּאָל זיך באַגעגנט מיט יוסף קאַרו, אויף וועמען ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה מיט זײַנע קבלה־דרשות. שפּעטער געקומען קיין צפת. נאָך דער ידיעה, אַז רוים איז פאַרנומען געוואָרן דורכן קייסער קאַרל דער פינפטער, אײַלט ער זיך אַהין (1529), גלייבנדיק, אַז ס'איז געקומען דער סוף צו דער „ממשלת אדום" (רוים) און עס איז נאָענט צו ביאת המשיח.

ער האַלט דאָרט דרשות און ווערט פאַרדעכטיקט בײַ דער אינקוויזיציע. וואַנדערט אויס אין 1530 קיין ווענעציע, ווו ער באַגעגנט זיך ווידער מיט ראובנין. פאָרט מיט אים קיין רעגנסבורג, דײַטשלאַנד, צום קייזער קאַרל אין שליחות צו באַפרײַען ארץ־ישראל פון טערקײַ. דער קייזער נעמט זיי אָן פאַר מאַראַנען און גיט זיי איבער צו דער אינקוויזיציע. שלמה מולכו האָט פאַרפאַסט דעם „ספר המפואר“, אין וועלכן ער זאָגט אָן משיח־נביאות (געדרוקט אין סאַלאָניקי, רפ״ט, 1529). מולכו איז פאַרברענט געוואָרן על קידוש השם אין מאַנטוע, איטאַליע, אין רצ״ב, 1532.

**נאַג׳אַראַ (נאַדזשאַראַ), ישראל בן משה** — געב. לערך 30־ער יאָרן פון 16־טן יאָרה. אין דמשק. אין דער יוגנט געפירט אַן אומרויק לעבן פון אַ וואַנדער־זינגער. דער לעצטער פון די גרויסע יידישע פּאָעטן פון דער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע. געווען באַקאַנט מיט אַראַבישער פּאָעזיע און פּאָעטן, פאַרבראַכט אָפט אין זייער סביבה, פיל געטרונקען. בעת די וואַנדער־יאָרן זיך באַקענט מיט די פאָלקסלידער פון אָריענט. אין זײַן פּאָעזיע אײַנגעפירט דעם מעטער פון די אַראַבישע, שפּאַנישע, איטאַליענישע און נײַ־גריכישע פּאָעטן. זײַנע לידער־געזאַנגען האָט ער צוגעפּאַסט צו דער מעלאָדיע, ריטמען און מאָטיוון פון דער פאָלקספּאָעזיע, אָנגעבנדיק, אין יעדן פאַל, געוני דאָס באַטרעפנדיקע פרעמד־שפּראַכיקע ליד, וואָס האָט אים געדינט פאַר אַ מוסטער. חיים וויטאַל איז אַרויסגעטראָטן, צווישן אַנדערע, קעגן אָט דעם נוסח. דער אר״י האָט זיך אָבער דערמיט נישט גערעכנט און שטאַרק געהאַלטן פון נאַג׳אַראַס שירים, דער עיקר פון זײַן מזמור „יה רבון עולם ועלמיא“, וואָס ווערט געזונגען פרייטיקצונאַכטס אין יעדן יידישן הויז. נאַג׳אַראַ האָט געשריבן זמירות און פיוטים אין העברעיש און אַראַמיש, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק זײַן בענקשאַפט צו גאולה. אויך — וועלטלעכע און ליבע־לידער, וואָס טיילן זיך אויס מיט זייער פאָלקסטימלעכקייט און אינדיווידועלע מאָטיוון. די רעליגיעזע „זמירות ישראל“ זענען צום ערשטן מאָל דערשינען אין צפת, 1586. זײַנע „שירי חול“ זענען פאַרבליבן אין כּתב־יד (דער העברעישער שרײַבער י. זמורה האָט אַרויסגעגעבן אַלע „זמירות ישראל“ אין תּל־אָביב, תּש״א), ווי אַ סך אַנדערע זײַנע ווערק. אין יידיש האָט י. י. שוואַרץ פאַר־עפנטלעכט איבערזעצונגען פון זײַנע 15 לידער אין דער אַנטאָלאָגיע „העברעישע פּאָעזיע“, ניו־יאָרק, 1942 ; מרדכי יאָפע — 3 לידער אין זײַן „אַנטאָלאָגיע פון דער העברעישער פּאָעזיע“, ניו־יאָרק, 1948. ישראל נאַג׳אַראַ איז נפטר געוואָרן אין עזה, לערך 1628.

**קאָרדאָווירע, משה בן יעקב** (רמ״ק) — געב. 1522 (אָרט אומבאַקאַנט). לויטן פאַמיליע־נאָמען, איז מען זיך משער, אַז זײַנע עלטערן האָבן געשטאַמט פון דער שטאָט קאָרדאָווע אין שפּאַניע. באַדײַטנדיקסטער טעאָרעטיקער און באַגרינדער פון דער קבלה. זײַן שיטה, וואָס איז געווען אַ טעאָרעטיש־פילאָזאָפישע, באַזונדער אין דער אויסברייטערונג פון דער לערע וועגן „אין־סוף“ און „צימצום“ און דעם פּראָצעס, וועלכן די ספירות גייען דורך אין וועג פון זייער אַנטוויקלונג, האָט ער איבערגעלאָזט אין זײַנע ספרים : „פּרדס רמונים“, זײַנע לעבנס־ווערק, „אלומה רבתי“, „שעור קומה“

און „אור נערב". אויך — „אור יקר" — אַ פּירוש אויפֿן זוהר (געבליבן אין כּתב־יד). זײַנע געדאַנקען וועגן די מיסטישע און פֿאַנטעיסטישע טענדענצן זענען — אַ יאָר־הונדערט פֿאַר שפּינאָזאַן —פֿאַרסך־הכּלט אין זײַן זאָג: „האולה כּל נמצא ואין כּל נמצא האולה" („גאָט איז אַלץ, אָבער נישט אַלץ איז גאָט"). אין דעם הספּד אויפֿן טויט פֿון זײַן רבין, האָט דער אר"י זיך אויסגעדריקט: „משה ותּורתו אמת". זײַן רבי, יוסף קאַרו, האָט געזאָגט בײַ זײַן קבר: „דאָ ווערט באַהאַלטן דער ארון פֿון דער תּורה". דער רמ"ק איז נפֿטר געוואָרן אין צפֿת, כּג' תּמוז, ש"ל, 1570.

**קאַרו, יוסף בן אפֿרים** — געב. 1488 אין טאָלעדאָ, שפּאַניע. אָנגעזעענסטער פּוסק, חריף און עוקר הרים, באַקאַנט אויך מיטן טיטל „מרן בית יוסף". מחבר פֿון די פֿונדאַמענטאַלסטע ספֿרים „בית יוסף" און „שולחן ערוך", אויך — „מגיד מישרים" — רעליגיעז־מיסטישער טאָגבוך. עס ווערט דערציילט, אַז צו אים פֿלעגט קומען אין געשטאַלט פֿון אַ „מגיד" פֿון הימל די משנה און אים מגלה זײַן סודות און אויך דערציילן גביאות. יוסף קאַרו איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פֿון שלמה מולכו, מיט וועמען ער האָט זיך באַגעגנט אין אַדריאַנאָפּאָל. באַגײַסטערט פֿון מולכוס קבלה־דרשות, האָט ער זיך גענומען פֿאַרטיפֿן אין קבלה און דורכגעדרונגען געוואָרן מיט די משיחישע טרוימען פֿון זײַן דור. אין זײַן „מגיד מישרים" ווײַזט ער אַרויס אַ באַזונדערע ליבע צו מולכון און רופֿט אים אָן: „שלמה אהובי", „שלמה ידידי", „שלמה חביבי". דער ערשטער טייל פֿון „מגיד מישרים" איז דערשינען אין לובלין, 1646, די צווייטע (ערשטע פֿולשטענדיקע) אויסגאַבע — אין ווענעציע, 1654. יוסף קאַרו איז נפֿטר געוואָרן אין צפֿת, י"ג ניסן, של"ה, 1575.

**ראובני, דוד** — געב. 1490. אָנגעקומען קײַן ווענעציע אין 1524 (רפּ"ד) און ט"ו רפּ"ה — קײַן רוים. ער האָט דערציילט, אַז ער שטאַמט פֿון דער ייִדישער מדינה חבור, אין אַראַביע, וווּ עס וווינען די בני ראובן, גד און דער האַלבער שבט מנשה, און אַז זײַן ברודער, יוסף, איז דער מלך איבער דעם שבט ראובן. זײַן ברודער זאָל אים האָבן געשיקט מיט אַ שליחות צו די קריסטלעכע פֿעלקער אין אייראָפּע צו באַקומען געווער פֿאַר דער ייִדישער מלוכה אויף צו פֿירן מלחמה מיט טערקײַ, כּדי אָפּצונעמען ארץ־ישׂראל. ער האָט אויסגעמיטן זיך צו טרעפֿן מיט ייִדן, כּדי עס זאָל אים נישט שטערן אין זײַן שליחות. שלמה מולכו איז צו אים געקומען אין ליסאַבאָן (1925), נאָך דעם, ווי ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ראובני האָט געבראַכט די בשׂורה פֿון דער גאולה. ער האָט אים פֿאָרגעלייגט זײַן הילף, נאָר ראובני האָט זי אין אָנהייב צוריקגעוויזן. שפּעטער האָט ער זיך ווידער באַגעגנט מיט אים (1530) אין ווענעציע, פֿון וואַנען זיי זענען ביידע אַוועקגעפֿאָרן קײַן רעגנסבורג, דײַטשלאַנד, צו דעם קייזער קאַרל דעם פֿינפֿטן אין זייער שליחות. דער קייזער האָט זיי אָנגענומען פֿאַר מאַראַנען און איבערגעגעבן אין די הענט פֿון דער אינקוויזיציע. ראובני איז געשטאָרבן אין אַ תּפֿיסה אין שפּאַניע, נאָכן יאָר 1935.

## נאָטיצן און טײַטשן

**אין־סוף** — דער העכסטער באַגריף פון געטלעכקייט און אומענדלעכקייט, פון װעלכן עס איז אַנטשטאַנען די װעלט.

**אר״י** — דער נאָמען פון ירושלים בײַ די מקובלים.

**גימטריא** — גריכיש: געאָמעטריע. אין דער תּלמודישער ליטעראַטור — רעכענען בכלל, אויך דאָס אויסרעכענען װיפֿל די אותיות פון אַ װאָרט באַטרעפֿן אין ציפֿערן. די מקובלים האָבן זייער אָפֿט גענוצט גימטריאָס, װי מיסטישע פֿאַרבינדונגען פון אותיות און װערטער פֿאַר קבלה־צװעקן.

**גליל** — צפֿון־טייל פון ארץ־ישראל. אין דער געשיכטע פון יידן און פון ארץ־ישראל האָט דער גליל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. אין 16־טן יאָרה. איז צפֿת, די הויפּט־שטאָט פון גליל, געװען דער צענטר פון די מקובלים.

**זוהר** — נאָמען פון ספֿר װעגן קבלה, געשריבן אין אַראַמיש. לויט דער טראַדיציע פון די מקובלים האָט דעם זוהר מחבר געװען דער תּנא רבי שמעון בן יוחאי אין ארץ־ישראל (אין 2־טן יאָרה.). רבי משה די־ליאון אין שפּאַניע האָט געפֿונען דעם כּתב־יד און אים פֿאַרעפֿנטלעכט אָנהייב 14־טן יאָרה. דער זוהר איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געװאָרן אין קרעמאָנא און מאַנטוע, איטאַליע, אין 1559 (צװיי מאָל אין איין יאָר).

**חבור** — מידבר אין אַראַביע, װוּ עס האָבן געװוינט די בני ראובן, גד און דער האַלבער שבט מנשה און װוּ ראובנים ברודער, יוסף, איז געװען דער מלך.

**חכמת הפּרדס** — אין די קבלה־ספֿרים װערט טײלמאָל די קבלה אָנגערופֿן חכמת הפּרדס. מען באַטראַכט אויך דאָס װאָרט װי ראשי־תּיבות פון: פּשט, רמז, דרוש, סוד, די פֿיר מעטאָדעס, לויט װעלכע מען קאָן אײַנטײַטשן די פּסוקים און די מיצוות פון דער תּורה.

**יאָסלמאַן פון ראָסהיים** — יוסף בן גרשון. געב. 1480 אין מיטלבערגהיים (עלזאַס). פּרנס ומנהיג און שתּדלן. יאָסלמאַן האָט זיך אָפּגעגעבן אַ סך דורך זײַן גאַנצן לעבן מיט דער פֿאַרטיידיקונג פון די רעכט פון די יידן, מיט באַפֿרײַען זיי פון הויכע שטײַערן און אויסבעסערן זייערע באַציונגען מיט דער אַרומיקער סביבה. ער איז געװען שטאַרק אָנגענומען בײַם קייזער מאַקסימיליאַן און באַזונדער בײַם קייזער

קאַרל דעם פינפטן. האָט אײנטערוועניִרט בעת יידן־אַרויסשיקונגען פון עלזאַס און אַנדערע מקומות און אַרויסגעקראָגן פאַר זיי ספּעציעלע פּריווילעגיעס. זיין ווירקונג האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד און אויך אַנדערע לענדער, ווו יידן האָבן געוווינט. אַזוי האָט ער אויסגעפּועלט די באַפרייאונג פון יידן אין אַן עלילת־דם־פּראָצעס אין סלאָוואַקיע (פּויזינג). האָט אָנגעשריבן אַן אַפּאָלאָגעטישן ספר „דרך הקודש“ (1531). געשט. 1554, אין ראָסהיים.

**ירושלם** — ירושלים. אין תנ״ך איז אומעטום ירושלים געשריבן אָן אַ „יוד“ נאָך דער „למד“, אויסער 6 מאָל.

**כולו חייב, כולו זכאי** — דור שכולו זכאי, דור שכולו חייב, אַ דור, וואָס איז אינגאַנצן ריין, אַ דור וואָס איז אינגאַנצן שולדיק.

**לילית** — שדים־מלכּה אין פאָלקס־גלויבן, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ שיינער פרוי און פאַרפירט מענער צו זינד. דאָס וואָרט שטאַמט פון „לילה“, נאַכט, ווייל זי הערשט ביינאַכט. פאַראַן אַ מיינונג, אַז דער נאָמען לילית שטאַמט פון דער אַלט־בבלישער מיטאָלאָגיע.

**מאַנטוע** — שטאָט אין איטאַליע, ווו מען האָט אין 16־טן יאָרה. פאַרברענט שלמה מולכון על קידוש השם.

**מאַנטינאָ, יעקב,** ד״ר — געב. 1490. געקומען מיט די עלטערן אַלס קינד קיין צפון־איטאַליע מיט די יידישע פּליטים נאָכן גירוש־שפּאַניע. האָט שטודירט מעדיצין און פילאָזאָפיע, זיך באַזעצט אין באָלאָניע און זיך פאַרנומען מיט איבערזעצן וויסנשאַפטלעכע ווערק פון העברעיש אין לאַטייניש. צווישן זיי איבערגעזעצט די הקדמה פון רמב״ם צום פּרק „אבות“ (1926). אין 1528 האָט דער שטאָט־ראַט פון ווענעציע אים באַפרייט, ווי אַ דאָקטאָר, פון טראָגן די יידן־לאַטע. יעקב מאַנטינאָ האָט מיט אומגלויבלעכער שינאה גערודפט שלמה מולכון, נאָך זיין קומען קיין ווענעציע, און אים געמסרט פאַר דער אינקוויזיציע, פון וועלכער מולכו איז מיט גרויסער מי לכתחילה אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן. מאַנטינאָ איז געשט. אין 1549.

**מאַראַנען** — אנוסים. יידן, וואָס זענען געצוווּנגען געוואָרן צו שמדן זיך און אין געהיים זענען זיי געבליבן געטריי זייער אמונה. אין אַ גרויסער צאָל טרעפט מען זיי אין דער יידישער געשיכטע זינט 1491 אין שפּאַניע, ווען עס זענען דאָרט פאָר־געקומען גרויסע שחיטות אויף יידן און אַ סך זענען פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד.

**מגיד מישרים** — רעליגיעז־מיסטישער טאָגבוך, וואָס יוסף קאַרו האָט אָנגע־הויבן שרייבן אין ניקאָפּאָל, טערקיי. דער ערשטער טייל פון דעם בוך איז דערשינען אין לובלין, 1646, דער צווייטער — אין ווענעציע, 1654.

**מינעזינגער** — ליבע־זינגער, פּאָעט. פלעגט אויסזינגען זיינע לידער אויף פאַרזאַמלונגס־פּלעצער, אין גאַסן פאַרן עולם, אין פּאַלאַצן פאַר קיניגן און פירשטן און פאַר געליבטע פרויען.

**מירון** — ישוב אין גליל העליון, נישט ווייט פון דער שטאָט צפת, ווו עס

געפינט זיך, לויט דער מסורה, דער קבר פון רב שמעון בן יוחאי, דער מחבר פון ספר „זוהר“.

**מעבר יבוק** — דער איבערפאָר פון יבוק. בראשית ל״ב כ״ג: „און ער (יעקב) איז אויפגעשטאַנען אין יענער נאַכט און האָט גענומען זײַנע צוויי ווײַבער און זײַנע צוויי דינסטן, און זײַנע עלף קינדער, און ער איז אַריבערגעפאָרן דעם איבערפאָר פון יבוק“ (יהואש).

**משה ותורתו אמת** — דעם באַקאַנטן אויסדרוק האָט רבי יצחק לוריא (דער אר״י), דער תּלמיד פון רבי משה קאָרדאָווירע (רמ״ק), געזאָגט אין זײַן הספּד אויפן טויט פון זײַן רבין.

**משיח בן יוסף, משיח בן דוד** — אין דער גמרא (סוכּה נ״ב) ווערט געזאָגט, אַז עס װעלן זײַן צוויי משיחים, איינער — משיח בן יוסף, וואָס װעט פירן די מלחמה פון גוג ומגוג און וועט אומקומען, און דער צווייטער — משיח בן דוד, װאָס וועט קומען דערנאָך און ברענגען די גאולה. דאָס גלייבן אין משיח איז אויך פאַרבונדן מיטן גלויבן, אַז דוד המלך װעט זײַן דער משיח (דוד מלך ישראל חי־וקים).

**מרן בית יוסף** — טיטל פון רבי יוסף קאַרו, מחבר פון די פונדאַמענטאַלע ספרים „בית יוסף“ און „שולחן ערוך“.

**נוטריקון** — פאַרקירצונג, ראשי־תּיבות, סיסטעם פון „געשווינד־שרײַבן“, צו מאַכן פון עטלעכע ווערטער איין װאָרט. אין דער קבלה האָט נוטריקון געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג און עס זענען אין אַ סך װערטער אַרײַנגעטײַטשט געוואָרן רמזים, ווי למשל, „אלול“ — „אני לדודי ודודי לי“, א.אַ.װ.

**ניגלה, ניסתּר** — ניגלה, דאָס אָפענע, דער היפּוך פון ניסתּר — דאָס פאַרבאָרגענע. די קבלה טיילט איין די פּירושים אויף דער תּורה אין ניגלה און ניסתּר, ד. ה., דעם איינפאַכן פּשט און זין, און דעם באַהאַלטענעם טײַטש און מיין.

**סוטאַנע** — דאָס קלייד פון קאַטוילישע מאָנאַכן און גײַסטלעכע.

**סמאל, סמך־מעם, ס״ם** — דער העכסטער פון אַלע שלעכטע מלאכים אין הימל, דער שׂר פון עשׂו, וואָס איז מקטרג אויף יידן. װערט באַטראַכט אין דער קבלה ווי דער קװאַל פון טומאה און עבודה־זרה. די קבלה האַלט, אַז משיח וועט נישט קאָנען קומען ביז סמאל װעט נישט באַזיגט ווערן. פאַראַן אַ מנהג נישט צו דערמאָנען דעם נאָמען ס מ א ל בפירוש, נאָר אין ראשי־תּיבות: סמך־מעם, ס״ם.

**ספר המפואר** — קבלה־ספר, פאַרפאַסט פון רבי שלמה מולכו (סאַלאָניקי, 1529), אין וועלכן ער זאָגט אָן משיח. דאָס ספר איז אַ יקר־המציאות, געפינט זיך, לויט שמחה פּיעטרושקאַ, נאָר אין 1 אָדער 2 עקז. אין דער ביבליאָטעק פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, ניו־יאָרק.

**ספר יצירה** — איינער פון די עלטסטע ספרים אין דער יידישער מיסטיק. זאָל האָבן פאַרפאַסט געװאָרן אין דער צײַט פון תּלמוד, נישט שפּעטער פון 6־טן יאָרה.

**עשׂר ספירות** — געטלעכע אויסשטראַלונגען: א — כּתר / ב — חכמה / ג — בינה / ד — חסד / ה — גבורה / ו — תּפארת / ז — נצח / ח — הוד /

ט — יסוד / י — מלכות /. אין דער קבלה ווערט אָנגענומען, אַז פון דער געטלעכקייט, פון אין־סוף, דער אומענדלעכקייט, זענען אויסגעשטראַלט געוואָרן די ספירות, די געטלעכע עמאַנאַציעס.

**פּרדס** — גאָרטן. דאָ — דער מיסטישער גאָרטן פון גאָט־דערקענטעניש, דער הויפּט־יסוד פון דער קבלה, וואָס ווערט אויך אָנגערופן „חכמת הפרדס". דאָס וואָרט פּ ר ד ס באַשטייט לויט דער קבלה פון די ווערטער: פּשט, רמז, דרוש, סוד, וואָס זענען די פיר מעטאָדעס צו טײַטשן פּסוקים פון דער תורה.

**פּרדס רמונים** — קבלה־ספר פון רבי משה קאָרדאָווירע, ווו ער האָט באַגריגדעט זײַן פילאָזאָפישע שיטה אין קבלה.

**צירוף, צירופים** — מיסטישע פאַרבינדונגען פון אותיות און ווערטער פאַר קבלה־צוועקן.

**צפת** — הויפּט־שטאָט אין גליל העליון, צענטער פון תורה און קבלה. אין 16־טן יאָרה. האָט זיך דאָרט געשאַפן אַ גרויסער יידישער ישוב נאָכן גירוש־שפּאַניע ווו עס האָבן זיך באַזעצט די מקובלים מיטן אר״י און די לומדים מיט ר׳ יוסף קאָרו בראש. איינע פון די מערקווירדיקייטן פון דער שטאָט צפת איז עד־היום די אַלטע שול פון אר״י. נישט ווײַט פון צפת געפינט זיך מירון מיטן קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי.

**קאַרל דער 5־טער** — (1500 — 1558) — דײַטשער קייזער, וואָס האָט געוועלטיקט, געירשנט נידערלאַנד, פאַרוואַלטעט מיט שפּאַניע און דערנאָך געקרוינט געוואָרן אין דײַטשלאַנד אַלס אימפּעראַטאָר (1519). האָט געפירט 4 זיגרײַכע מלחמות מיט פראַנקרײַך, איינע מיט טערקיי און אײַנגענומען טוניס. אין דײַטשלאַנד האָט ער זיך קעגנגעשטעלט מיט אַלע כוחות קעגן דער רעפאָרמאַציע (פון לוטער), נאָר אָן דערפאָלג. האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן אין 1556. געווען אַ שונא־ישראל.

**קבלה** — טראַדיציע. אין דער משנה און גמרא — יעדע רעליגיעזע טראַדיציע, די לערע פון מיסטיק בײַ יידן. אין די אַלטע צײַטן האָט מען די דאָזיקע לערע באַטראַכט אַלס יסוד און זי נישט אויפגעשריבן, נאָר איבערגעגעבן בעל־פּה.

**קץ, קץ הימים** — דער סוף, דער סוף פון די טעג, דער סוף פון גלות, די צײַט, ווען משיח וועט קומען.

**רמז** — אָנדײַט, אַלעגאָריע. אין טייל קבלה־ספרים ווערט דאָס וואָרט באַנוצט אויך פאַר קבלה־געדאַנקען.

**שמעיה ואבטליון** — שמעיה, נשיא פון סנהדרין אין דער צײַט פון בית שני און רבי פון הלל און שמאי, ווערט דערמאָנט אינאיינעם מיט זײַן חבר אבטליון, ראש פון בית דין, זיי האָבן געפירט אַ ישיבה אין ירושלים בעת דער הערשאַפט פון די לעצטע יידישע פירשטן פון דער חשמונאים־דינאַסטיע.

**שכר ועונש** — לוין און שטראָף. איינער פון די הויפּט־יסודות פון דער יידישער אמונה.

**תיקון** — פאַרבעסערונג. אָנגענומענער טערמין אין דער קבלה פאַר אויסבעסערן די נשמה.

# אינהאַלט:

*I*



*II*

א

## מײַן ליכטיקער טורעם



## צום גרויסן סיום



## אין געוויג

## ב

זייט

### גלעקער און קייטן



### פינצטערע חצותן



### אין טעג פון גבורה



### אויף די פעלדער פון לובלין א—י 163—172

## ג

### שקיעה

## צעפּאַלענע רינגען



ד

## צייַט־שפּיל



---

## ביכער פון עזרא קאָרמאַן

### ל י ד ע ר

**שקיעה — לידער.** פאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאַגע, 1932

### אַנטאָלאָגיעס

**אין פיַיערדיקן דויער** — זאַמלונג פון רעוואָלוציאָנערער ליריק אין דער נײַער ייִדישער דיכטונג פון אוקראַינע. „מלוכה־פאַרלאַג", קיעוו, 1921.

**ברענענדיקע בריקן — אַנטאָלאָגיע.** צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע פון דער זאַמלונג „אין פיַיערדיקן דויער". „ייִדישער ליטעראַרישער פאַרלאַג", בערלין, 1923.

**ייִדישע דיכטערינס — אַנטאָלאָגיע.** לידער פון דיכטערינס אין דער אַלט־ייִדישער און דער נײַער ליטעראַטור. פאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאַגע, 1928

### א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג ע ן

**הײַנריך הײַנע — לידער.** „קונסט־פאַרלאַג", קיעוו, 1917

**הערמאַן הײַערמאַנס — פאַרלוירענע האָפענונג. דראַמע.** פאַרלאַג „קולטור־ליגע", קיעוו, 1920. צווייטע אויפלאַגע — פאַרלאַג „דער טורעם", וואַרשע, 1922

**ל. דייטש — ייִדן אין דער רוסישער רעוואָלוציע. זכרונות.** „ייִדישער ליטעראַרישער פאַרלאַג", בערלין, 1923

**סערגיי יעסענין — לידער און פּאָעמעס.** דעטראָיט, 1946

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק
## זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדע ביכער;

י. זרובבל: בלעטער פון אַ לעבן (2 בענדער)

מענדל מאַן: נאַכט איבער גלושינאַ

אברהם סוצקעווער: אין מדבר סיני

ישראל טאַבאַקמאַן: מיינע איבערלעבונגען

ש. בערלינסקי: בילדער און דערציילונגען

י. פּאַפּירניקאָוו: היימישע און נאָענטע

מענדל מאַן: ביי דער ווייסל

יוסף ראָזען: געקליבענע שריפטן (העברעיש)

ק. צעטניק: דאָס הויז פון די ליאַלקעס

יוסף בירשטיין: אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ לעבן)

אפרים שריַיער: קונסט און טעאַטער (העברעיש)

מלך נוי—ניישטאַדט: דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת־ישראל

יצחק לעוו: אין געראַנגל — געקליבענע שריפטן

יצחק פּאַנער: שלום אַש אין זיין לעצטער היים

מרדכי יפה: צען ישראל דיכטער

יחיאל האָפּער: אַ הויף אויף פּאַקאָרנע (צוויי טיילן)

ה. לייוויק: אויף צאַרישער קאַטאָרגע

נחמן דרוזדוב: אחד העם

פּרץ גראַנאַטשטיין: מענטשן פון נעכטן

י. לשצ׳ינסקי: דאָס פּנים פון גלות־יידנטום (העברעיש)

יעקב פּאַט: שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש)

*Publishing I. L. Peretz Library,*
31 *Allenby Str. Tel-Aviv, Israel.*